# דער יוד

# DER JUDE

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברה „אחיאסף“.

אבאנאמענטס פרייז יעהרליך:
עסטרייך־אונגארן —.12 קראָנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —15 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.6 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פיערטעל יאהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאָנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2. „
דע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ.—
30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאָסט 20 קאָפּ.

קראקויא, אב תרס״א. | נומר 32. | Krakau, 8 August 1901.


## אינהאלט.



### ה. תרס״א — וואכען־קאלענדער (לוח) — 1901

| די טעג פון: חודש | וואך | | שערפיען־אויגוסט | נייער כ. אויגוסט | אלט. כ. יולי |
|---|---|---|---|---|---|
| כ״ו | זונטאג | | | 11 | 29 |
| כ״ז | מאנטאג | | | 12 | 30 |
| כ״ח | דינסטאג | | | 13 | 31 |
| כ״ט | מיטוואך | | (אווגוסט | 14 | *)1 |
| ל׳ | דאנערס. | א׳ דר״ח | | 15 | 2 |
| א׳ | פרייטאג | ב׳ דר״ח | | 16 | 3 |
| ב׳ | שבת | פרשת שופטים. | | 17 | 4 |

| טאג | יאהר | קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע. |
|---|---|---|
| כו | ה. שס״ג | פערברענט עקדה״ש אין ליסאבאָן פראנץ דיעגא דעלא אַסענציאָן און די פרוי תמר בארוקאס. |
| כז | ה. ק״ה | פערטריבען די יודען אין פ־אנקרייך. |
| כח | ד׳תתקנ״ו | יודענפערפאָלגונג אין ליאָן (פראנקרייך). |
| כט | ה. שי״א | האָט דער קיסר פון עסטרייך גוזר געווען יודען זאָלען טראָגען דעם געלבען פלעק אויף די קליידער. |
| ל | ה. ק״ס | פערברענט עקדה״ש 77 יודען אין פראג. |
| „ | ה. תק״ה | פערטריבען די יודען פון פראג. |
| ב | ה. פ״א | פערברענט עקדה״ש אלע יודען אין שינאָן (פראנקרייך). |
| „ | ה. שי״ג | האָט פאבסט יוליוס III. פערברענט ספרי תלמוד אין רוים. |


### צו אבאָנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Gertrudy 16.

אין לאָנדאָן:
R. Mazin, Bookseller 100 Old Montague Str. London, E.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין אמעריקאָ:
R. Kantorowitz, 4 Rutger Str. New-York

דער „יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער:
1920 a Nachtrag VII.

# „בלעטער"

## ארויס געגעבען פון איש יהודי (ל. ראבינאוויץ רעדאקטאר פון המליץ).

שטרעבענדיג מיט אלע קרעפטען אריינצוברייגען אשטראהל פון ליכט אין אלע ווינקעליך פון יורישען לעבען, צו דערנעהענטערן צום כלל די וויכטיגע עלעמענטען וואס געפינט זיך אין דער מאסע, דעם גרעסטען טהייל פון אונזערע פרויען, וועלכע האבען אין דער אלטער גליקליכער צייט אזוי פיעל געטהון פאר זייער נאציאן און וואס אין זייערע הענד ליגט די ערציהונג פון אונזערע קינדער, ווייל נאר זיי קענען איינפלאנצען אין די יונגע קינדער, אייביגע ליבע און טרייע צו ייער פאלק און צו זיינע העכסטע אידעאלען, געבען מיר ארויס אויסער דעם המליץ—„בלעטער" אין זשארגאן, אין דער שפראך, וואס עס פארשטייען און ריידען אויף איהר דער גרעסטער טהייל פון אונזערע שוועסטער און ברידער, און אום צו ברייגען וואס מעהר נוטץ מיט אונזערע בלעטער שפארען מיר אין זיי אויך קיין מיה און קיין קאסטען פול צו מאכען אונזערע בלעטער מיט ארטיקלען פון אלע וויכטיגסטע און ניצליכסטע זאכען, מיט דעם „לעצטען ווארט" פון קולטור, בילדונג, וויסענשאפט און קונסט, וועלכע זענען פעהיג צו ענטוויקלען דעם איינפאכסטען לעזער און צו מאכען פון איהם א געבילדעטען מענשען. דער לעזער פון די בלעטער שטעהט ניט פון דערווייטען פון קיין זאך ואס די נייע צייט ברייגגט, פון וואס די גרעסטע חכמים און קינסטלער אין דער וועלט ערפינדען און בעגליקען דערמיט די מענשהייט און די ארטיקלען פון דער העכסטער וויסענשאפט זענען אויסגעלייגט איינפאך, דייטליך און פערשטענדליך, אז יעדער איינציגער, וואס פערשטעהט נאר יודיש זאל זיי לייכט פערשטעהן. די גאנצע שווירינקייט פון דעם נעהמען מיר אויף זיך און פאר דעם לעזער זוכען מיר צו מאכען וואס מעהר אנגענעהם און לייכט. אין די בלעטער געפינט זיך ארטיקלען וועגען אזנזערע לעבענס-און פאלקס-פראגען, וועגען אונזערע העכסטע אידעאלען, וועגען אלע ליכטיגע און טונקעלע ערשייגונגען פון אונזער געזעלשאפט און פאמיליען לעבען, וועגען קינדער ערציהונג, וועגען אלע זאכען, וואס איז זייער נייטהיג אויסצובעסערן און אומצוענדערן, מיט איין ווארט וועגען אויסבעסערן אונזער לאגע אין דער געגענווארט און אין דער צוקונפט. אין די בלעטער האבען מיר נעגרינדעט א אבטהיילונג „נח'ס קאסטען" דורך וועלכען מיר שטעהן שטענדיג אין פערבינדונג מיט אונזער לעזער. טאג טעגליך קומט אונז אן פראגען פון אלע נאהענטע און ווייטע שטעדט און שטעדטליך, וועגען אלע זאכען וואס געהערט צום געזונד, צום הייזליכען לעבען, צו בילדונג, צו ערציהונג און דעם גלייכען און מיר לאזען ניט קיין וויכטיגע פראגע אהן אנטווארט. עס געפינען זיך מאטהעמאטישע אויפגאבען אלס „גימנאסטיק" פאר'ן שכל, וואס איז די הויפט קראפט פון אונזערע ברידער אויסער דעם געפינען זיך אין די בלעטער אינטערעסאנטע ערצייהלונגע פון אונזער פאלקס לעבען, ביאגראפיען און לעגענדעס וועגען פארצייטיגע און היינטיגע העכסטע פערזאנען פון אונזער נאציאן, פרייע קורץ און שארפע איבערגעבונגען פון די העכסטע פאעזיע, פון די בעסטע ווערק אלער בעריהמטעסטער קלאסיקער פון פערשידענע ליטעראטורען אום בעקאנט צו מאכען אונזערע איינפאכע לעזער מיט דער דיינקונגסארט, אידעען, געזינונגען און פאנטאזיען" פון די גרעסטע דיינקערס ביי אונז און צווישען אנדערע נאציאנען. אויך געפינט זיך אין די בלעטער א נאבטהיילונג אונטער דעם נאמען „צמח און למך" פאר דעם רייגעם יודישען הומאר, וויצען און שארפזיניגע אויסשפריכע, וועלכע זענען ניט נאר העכסט אינטערעסאנט פאר אונזער פובליקום, וואס האט פון אייביג ליעב שארף-זין נאר ענטהאלטען אין זיך אויך העכסטען מאראל— עס איז געלעכטער דורך טרעהרען. אלעס איז געשריעבען אין זשארגאנישער שפראך, ניט פארפוצט אין קיין פרעמדע פעדערן, אום עס זאל זיין נאטירליכער, ניצליכער פאר אלע קלאסען. ביישפילען פארשפארען מיר צו ברייגען; עס זענען שוין ארויסגעגאנגען 33 נומערן און ווער עס האט נאר געלייענט איינס פון זיי האפען מיר, אז ער האט זיך איבערציינגט אין אלעס וואס מיר האבען דא געזאגט, ניט נאר פון די קלאסען פאר וועלכע מיר האבען דאס איבערהויפט נעגרינדעט, נאר אפילו פון העכסטע געבילדעטע לייט אין אייראפעאישען פאך און אין יודישען זין בעקומען מיר דעם גרעסטען בייפאל און פארלאנג צו געהן ווייטער אין דעם וועג, וואס מיר האבען אויסגעקליבען. מיר זענען פעסט בעשלאסען פארציזעצען אונזער ארבעט נאך מיט מעהר פאלשטענדיגקייט, און די בלעטער וועלען ארויסגעהן מיט אזא פולען און וויכטיגען אינהאלט, אז זיי וועלען קענען דינען פאר א גיאלערניצליכסטען אנצייגער און געהילפס-בוך אין אלע וויכטיגסטע פראגען פון פאמיליען-געזעלשאפט-און פאלקסלעבען. מיט די גרעסטע מיהע און וארגפעלטיגקייט זוכען מיר אויסצוקלייבען פון אלע פראגען, פון אלע נייעס וואס ווערט בעשאפען אין דער מעדיצין, נאטורפארשונג, אלגעמיינע ליטעראטורען, קולטור פון פלאנצונגען, פעלד-און גארטען-געוויקסע א. ז. וו. א. ז. וו. די אלערניצליכסטע און נייטהינסטע פאר אונזערע שוועסטער און ברידער.

די „בלעטער" קאסטען אין גאנצען מיט פארטא 4 רובל א יאהר. וואס איז לויט די רייכקייט פון דער פראגראמע און די גוטע בעארבייטונג פון איהר העכסט ביליג ווייל מיר ווילען, אז זיי זאלען פארשפרייט ווערען אויך אין די ארעמסטע קלאסען פון אונזער פאלק, יעדער זאל קענען צו דעם צוקומען, ווייל דער צוועק פון די בלעטער איז צו לייגען א טהייל פונדאמענט פון אונזער פאלקס ענטוויקלונג צו מאכען אנרויסען פראצענט פון אונזער פאלקס מאסע פאר אידען-מענשען און מענשען-אידען, וועלכע וויסען, וואס די צייט פאדערט פון זיי און וואס זיי האבען צו פאדערן פון דער צייט. אויף די פערשטענדיגע לעזער רעכענען מיר דרייסט, אז יעדער פון זיי וועט פארשפרייטען די בלעטער צווישען זיינע גוטע פריינד און בעקאנטע און יעדער פריינד פון דער יודישער מאסע וועט זיי פארשפרייטען אין די קלאסען פון פאלק פאר וועלכע זיי זענען נייטהיג און בעקאנט מאכען וועגען זיי די פרויענוועלט, דאמען און פרויליינס. און דאמיט קענען זיי נאר בעקומען א דאנק פון די נייע לעזער, וועלכע וועלען זעהן, וואס פאר גוטען ווייץ זיי וועלען געפינען אין דער איינפאכער פאס — די זשארגאנישע בלעטער פון איש יהודי.

### דער אינהאלט פון 33-טען וויפוסק איז:

א) דאצעס פאר ארימע קינדער. ב) רבנו גרשם מאור הגולה. ג) א מעשה מיט א האלבען רובל. ד) דער חעלעמער מלמד ה) נח'ס קאסטען: 1) א'דאמען געזעלשאפט, 2) שענע וואזאנעס. 3) נעשמאקע שפייזען. 4) נוטע איינגעמאכטס. 5) פאלסיפיקאציע פון שפייזען, 6) פון זשארגאן ו) חנה שיינדיל, ז) קארג זיין, ח) למך און צמח: 1) וואס מאכסטו? 2) געבען נדן 3) זיווג כקריעת ים סוף.

### פרייז פון די בלעטער פון איש יהודי:

א יאהר (50 וויפוסקען)—4 רובל; א ½ יאהר (25 וויפוסקען)—2 רובל; א ¼ יאהר (12 וויפוסקען—1 רובל; 1 וויפוסק—12 קאפ׳

עס דרוקט זיך דער 34 טער נומער בלעטער מיט'ן נאמען קלאנגאג, וועלכען די לעזער וועלען בעקומען צו תשעה באב.

דער אדרעס פון הערויסגעבער:

Ред. газ. „Гамелицъ" Л. А. Рабиновичу С.-Петербургъ Торговая 17.

L. Rabinovitch St.-Petersburg rue Torgova 17.

III. Jahrgang. DER JUDE. Nr. 32

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואך.
פערלאג: חברת „אחיאסף".

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 "
פירטעליאהריג —.3 "
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 "
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט
20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag.

דער פרייז ן רוססלאנד
גאנץ-יאהרלין —.5 רוביל.
האלב יאהרלין —.5 רוביל.
פירטעל-יאהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — 1 "

ענדערען די אדרעססע קאסט 10 קאפ.

קראקוי'א, אב תרס"א. נומר 32 Krakau, 8 August 1901.

## צו אונזערע אבאנענטען!

מיר ערלויבען אונז צו דערמאהנען אונזערע געעהרטע אבאנענטען וועלכע האבען איינגעצאהלט נור די ערשטע 2 ראטען — 4 ר' אז דעם 1־טען אויגוסט ד. ה. מיט נו' 30

ענדיגט זיך זייער אבאנעמענט, און מיר בעטען צו שיקען צייטליך די 3־טע ראטע — 1 רובעל, כדי עס זאל נישט זיין קיין אויפהאלט אין דער עקספעדיציאן פון די נומערן.

דעם ערשטען יולי האט זיך געענדיגט דאס אבאנעמענט פון די אבאנענטען וועלכע האבען אויסגעשריעבען דעם „יוד" פון 1 טען יאנואר אויף א האלב יאהר און אויך פון די, וועלכע האבען איינגעצאהלט די ערשטע ראטע – 2 רובעל פאר דער צייט פון 1־טען אפריל ביז ענדע יאהר און מיר בעטען אריינצושיקען באלד דעם רעסט געלד

## די וועלטגעשיכטע

צווייטער טהייל

דרוקט זיך און וועט אין גיכען ערשיינען און צושיקט ווערען אלע אבאנענטען, וועלכע האבען פיר זי איינגעצאהלט.

צו דער פאריגער נומר האבען מיר בייגעלעגט דאס זעקסטע בילד

### „וואהין זאלען מיר געהען?"

(רומענישע אויסוואנדרער)

און אויך די איבריגע בילדער וועלען מיר בייליגען יעדעם צו דער רעכטער צייט.

די אדמיניסטראציאן.

---

## די דעלעגאציע.

ווי ווענינ די דעלעגאציע פון דער אדעסער אסיפה האט פועל געוועזן אין פאריז, ווייסען שוין אונזערע לעזער פון דעם אפיציעלען דין־וחשבון („יוד" נו' 24). מיט אזא פעולה האט קיינער פון דער דעלעגאציע ניט געקענט צופרידען זיין. אלע זענען געקומען צוריק אהיים מיט אראבגעלאזענע קעפ און מיט ביטערע געפיהלען, נאר פערביטערטער און נידערגעשלאגענער פון אלעמען איז געקומען ה. אחד־העם, וועלכער גיסט אויס זיין פערביטערט הארץ אין דעם לעצטען נומער „השלח".

אחד־העם האט גלייך פון אנהויב אן געהאט א גאנץ אנדער קוק אויף די דעלעגאציע, ווי זיינע איבריגע חברים, און פריהער אדער שפעטער האט דער אונטערשיעד צווישען איהם און די אנדערע געמוזט ארויסטרעטען ביז צו א אפענער שפאלטונג. נאך זייער גייסט נאך האבען די אדעסער אסיפה און אויך די דעלעגאציע געקוקט אויף דאס פאהרען קיין פאריז ווי אויף א מיטעל צו קריגען געלד פאר די ארבייטער און א רעכטע און א גרינדליכע אונטערשטיצונג פאר די קאלאניסטען. עס דארף ניט פערגעסען ווערען, אז די דעלעגאציע איז געשיקט געווארען צו יענער צייט, ווען אלע צייטונגען זענען פול געוועזן מיט די טרויעריגע ידיעות, דאס יק"א זאגט זיך אב אין גאנצען צו טהון פאר די ארבייטער, און אז איהרע מנהיגים אין ארץ־ישראל גיבען די ארבייטער און די קאלאניסטען געלד, כדי זיי זאלען ארויספאהרען פון לאנד. די אדעסער אסיפה און די מיטגליעדער פון דער דעלעגאציע האבען דערום געהאלטען פאר זייער חוב צו פערהיטען אזוינע שריט פון יק"א און צו געפינען הילף פאר די ארבייטער און קאלאניסטען. די דעלעגאציע האט געזאלט פאהרען זיך משתדל זיין אין פאריז, און ווי יעדע שתדלנות איז אויך די שתדלנות פון דער דעלעגאציע געוועזן א ערנידריגונג פאר די בעוועגונג, ווייל די דעלעגאציע האט גור געהאט א פנים פון משולחים, וואס קומען קיין פאריז נאך א נדבה. אלע יודישע צייטונגען האבען דערום זיך פערהאלטען קאלט צו דער דעלעגאציע און אנגעוויזען אויף דעם שאנד, וואס ליגט אין דעם, דאס א גאנץ פאלק געהט אין די הייזער נאך נדבות. אויך דערום איז דער וויענער קאמיטעט געוועזן געגען די דעלעגאציע און האט אויך געבייט זיינע מיטגליעדער פון איהר ארויסצוטרעטען, ווייל ער האט מיט רעכט קיין כבוד פאר די בעוועגונג פון דער שליחות ניט געוואוסט.

ביי אזא קוק אויף די צוועקען פון דער דעלעגאציע איז אויך געווען וויכטיג, צו וועמען מען געהט, צו יק"א אדער צו דעם באראן: פון יק"א האט מען געקענט פאדערען, פון דעם באראן האט מען געקענט נור בעטען מיט רַחֲמִים און מיט הַכְנָעָה.

גאנץ אנדערש אבער האט געזאלט זיין די דעלעגאציע נאך דער מיינונג פון אחד־העם. ניט נאך נדבות האט געזאלט געהן די דעלעגאציע, וועגען געלד האט זי איבערהויפט ניט געזאלט רעדען, ווייל ניט אין דעם געלד ליגט די עיקר־סבה פון דעם איצטיגען שלעכטען שטאנד אין

דער קאָלאָניזאַציאָן. די לאַגע קען ניט פֿערבעסערט ווערען, כל־זמן עס וועט ניט אָבגעשאַפֿט ווערען די סבה, וואָס בריינגט און מוז אַלע מאָל בריינגען צו נייע פֿעהלערן און צו נייע צרות. וואָס פֿאַר אַ טובה וועט ארויסקומען פֿון די נייע מיליאָנען, וואָס מען וועט קריגען, ווען אין דעם גאַנצען שטיינער פֿון דער קאָלאָניזאַציאָן ליגט אַ פֿעהלער, וועלכער וועט באַלד בריינגען צו דיזעלבע אָדער צו נייע צרות. די עיקר־סבה ליגט אין דעם, דאָס די קאָלאָניסטען זענען געמאַכט געוואָרען פֿאַר קנעכט, דאָס פֿון זיי איז צוגענומען געוואָרען דער פֿרייער ווילען, דאָס יעדער טריט זייערער היינגט אָב נור פֿון די פֿיעל מנהיגים, וועלכע מאַכען פֿון די קאָלאָניסטען חלוקה־נעהמער און וועלכע נעהמען צו פֿון זיי די לוסט און דעם ווילען צו אַרבייטען. מיט דער קנעכטשאַפֿט דאַרף נעהמען איין עק. די אַדמיניסטראַציע זי איז איינציג און אַליין שולדיג אין דעם טרויעריגען מצב פֿון די קאָלאָניסטען, און כל־זמן די קאָלאָניסטען וועלען ניט אַוועקגעשטעלט ווערען אויף די אייגענע פיס און ניט בעפֿרייט ווערען פֿון זייערע ניאַנקעס, וועלען זיי קיינמאָל ניט ווערען גאַנצע בעלי־בתים פֿאַר זיך. דער צוועק פֿון דער דעלעגאַציע איז אויפֿצווייזען אויף די שעדליכע ווירקונג פֿון דער אַדמיניסטראַציע און צו פֿאָדערען איהר אָבשאַפֿונג. פֿרייהייט פֿון די קאָלאָניסטען—דאָס איז דער צוועק, וועלכען די דעלעגאַציע דאַרף זיך שטעלען. די קנעכטשאַפֿט איז אַ סם פֿאַר די קאָלאָניזאַציאָן, וועלכע קען געזונד און אויסגעהיילט ווערען נור דורך דעם, דאָס די קאָלאָניסטען וועלען איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל קריגען די נייטהיגע מיטלען זיך איינצוריכטען—און דאַן זאָלען זיי אין גאַנצען בעפֿרייט ווערען פֿון יעדער השגחה און פֿון יעדער הנהגה. זאָלען זיי אַליין זיך איינריכטען, יעדער ווי ער קען. ווייסענדיג, אַז זייער גליק היינגט אָב נור פֿון זיי אַליין, וועלען זיי גאַנץ אַנדערש אַרבייטען. די בעסערע קאָלאָניסטען וועלען ווירטשאַפֿטליך געזונד און שטאַרק ווערען און וועלען מעהר ניט דאַרפֿען די הילף פֿון אַנדערע, און די וואָס וועלען די פֿרייהייט ניט קענען פֿערטראָגען, וועלען ממילא אָבטרעטען זייער אָרט פֿאַר די שטאַרקערע און געזינטערע. קינסטליך אויפֿצוהאַלטען און צו שטיצען יעדען, וואָס טראָגט דעם נאָמען קאָלאָניסט, קען דער זאַך נור שאַדען.

ביי אַזוינע געדאַנקען וועגען דער ווייטערדיגער קאָלאָניזאַציאָן איז פֿאַר אחד־העם'ן געווען גאַנ'ץ גלייך, צי די איצטיגע הנהגה ליגט אין יק"א, ווי מען האָט פֿריהער גערעכענט, צי אין די הענד פֿון דעם באַראָן ראָטשילד, ווי עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, בעת די דעלעגאַציע איז געקומען קיין פּאַריז.

דער באַראָן גיט געלד פֿאַר די קאָלאָניזאַציאָן, אָבער קען ער דען מיט זיין געלד קויפֿען דעם זכות צו פֿיהרען די קאָלאָניזאַציאָן ווי ער פֿערשטעהט און וויל איינער אַליין? געוויס ניט. מיט רעכט זאָגט אויך אחד־העם, אַז יעדער, ווער עס נעמט אַנטהייל אין אַ פֿאָלקסאַרבייט, דאַרף זיך בויגען פֿאַר דעם ווילען און דער פֿאָדערונג פֿון דעם פֿאָלק. דאָס איז אַ כלל פֿאַר אַלעמען און פֿאַר אַלץ. מעג דער באַראָן געבען מיליאָנען, אָבער ווען ער גיט זיי ניט נאָך דעם וואונש פֿון דעם פֿאָלק, זאָל ער דאַן מיט זיינע מיליאָנען טהון וואָס ער וויל, נאָר ניט קאָלאָניזירען אין ארץ־ישראל און ניט געהן מיט דער קראַפֿט פֿון זיינע געלד גענגען דעם ווילען פֿון פֿאָלק און גענגען זיין טובה.

דאָס איז געווען דער כיוון פֿון דער דעלעגאַציע לויט דעם הערן אחד־העם. האָבענדיג פֿאַר די אויגען דעם דאָזיגען צוועק האָט אחד־העם געקוקט אויף די שליחות ווי אויף איין וויכטיגען היסטאָרישען מאָמענט. די דעלעגאַציע איז פֿאַר איהם געווען אַ פֿערטרעטונג פֿון פֿאָלק, וועלכע פֿאָדערט די פֿרייהייט פֿון די קאָלאָניסטען. „פֿרייהייט אָבער, זאָגט אחד־העם, ווערט ניט געגעבען, פֿרייהייט ווערט

---

# פֿעלעטאָן.

## דער באַנק־בילעט פֿון אַ מיליאָן פֿונט.

פֿון מאַרק טווען.

(ענדע).

— ווען דען?

— אָם עגדע פֿון דעם חדש.

— נאָך פֿיערצעהן טאָג, הייסט עס. צו פֿיעל, ברודער, צו וואַרטען—איך בין נייגיריג. זאָג, אין אַ וואָך אַרום.

— ניין. פֿאַר וואָס ווערסט דו שוין געוואָהר ווערען. נו, ווי געהט עס עפּיס דיר מיט דיינע געשעפֿטען?

די פֿרעהליכע מינע פֿון זיין פּנים איז פלוצלינג פֿערשוואונדען, און ער האָט געזאָגט מיט אַ זיפֿץ:

— דיינע ווערטער זענען מקוים געוואָרען, ביזט גערעכט געווען. איך האָב נישט געברויכט צו פֿאָהרען. לאָ'מיר ליעבער דערפֿון נישט רעדען.

— ע! רעד ניט קיין נאַרישקייט, אַז מיר וועלען אַהיים קומען, ווערסט דו מוזען אַלץ דערצעהלען.

— אין אמת אַריין? דו אינטערעסירסט דיך?

די אויגען זענען איהם פֿייכט געוואָרען, רעדענדיג.

— יאָ, איך וויל וויסען די זאַך פֿון אָנהויב ביז סוף, אַלסדינג.

ער האָט זיך זעהר דערפֿרעהט, און האָט מיר זעהר געדאַנקט.

פֿון דעם נאַכט־עסען איז גאָר נישט געוואָרען. דאָס האָט מען געהאַט צו פֿערדאַנקען דעם ענגלישען שטרענגען צערעמאָניאַל. מען האָט נישט געקאָנט קומען צו קיין פּשרה וועגען דעם סדר פֿון אונזערע ראַנגען, ד. ה. ווער עס ברויך אויבענאָן צו זיצען און ווער נאָך וועמען, און דערנאָך איז גאָר קיין נאַכט־עסען נישט געווען. אייגענטליך, אַז איין ענגלענדער ווערט געבעטען צו אַ מאָהלצייט, עסט ער זיך פֿריהער אין דער היים גאַנץ נוטאָן. אַ פֿרעמדער אָבער, וואָס ווייסט נישט פֿון דעם מנהג, בלייבט הונגעריג. מיר אַלע, האָבען טאַקי שוין געהאַט אין דער היים געגעסען. מיר האָבען געוואוסט, ווי זיך אויפֿצופֿיהרען. האָסטינגס'ען, וואָס איז דאָ נאָך פֿרעמד געווען, האָט מען באַלד ביי'ם בעטען אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל נישט קומען אומגעגעסען. געזעצט ביי'ם טיש אין עס־שטוב האָבען מיר זיך דאָך, פֿון כבוד וועגען, יעדער הערר מיט זיין דאַמע געאַרעמט ווי עס געהער צו זיין. דאָ, אין דער עס־שטוב האָט מען זיך אָנגעהויבען צו שפּאַרען וועגען די ראַנגען. דער הערצאָג האָט גענומען דעם ערשטען אויבענאָן, אַ סברא איז געווען דערביי, אַז ער איז גרעסער פֿאַר דעם געזאַנדטען, ווייל אַ געזאַנדטער איז נור אַ פֿאָרשטעהער פֿון אַ פֿאָלק, אַ הערצאָג אָבער — פֿון אַ קעניג. געגענאיבער דעם הערצאָג האָב איך געפֿאָדערט דאָס אָרט און אויסגעוויזען, אַז די צייטונגען שטעלען דאָס נייעס וועגען מיר באַלד נאָך די הערצאָגען פֿון קעניגליכען הויז, אַנדערע הערצאָגען אָבער שטעלען זיי נאָך מיר, און דעריבער וויל איך נישט זיצען נאָך אונזערען הערצאָג. געשפּאַרט האָט מען זיך לאַנג, נאָר גאָר בחנם. אין מיטען פֿלאַמיגען שפּאַר חאַפּט זיך מיין הערצאָג אַרויס מיט זיין יחוס און הויבט אָן אָנצורופֿען זיינע עלטער זיידעס. דאָ האָב איך איהם באַלד אָנגעוויזען, אַז בלויז מיין נאָמען ווייזט דערויף אַז איך קום אַרויס מיט אַ גלייכער ליניע פֿון אדם־הראשון, בשעת ווען ער, ווי זיין יחוס ווייזט אויס, שטעהט נור אין קרובות־שאַפֿט מיט אדם־הראשון'ס אַ ווייטיגער ליניע... צו קיין סוף איז מען נישט געקומען, און מיר האָבען צוריק מאַרשירט אין סאַלאָן אַריין, וואו מען האָט אונז געגעבען צו פֿערבייסען סאַרדינען און מאַלינעס. מיט דער פֿראַגע פֿון די ראַנגען האָט מען זיך דאָ אַזאַ עצה געגעבען, מען האָט גורל געוואָרפֿען מיט אַ מטבע; ווער עס האָט געוואונען, דער האָט צום ערשטען גענעסען. נאָך דעם האָט מען זיך געזעצט צום קאָרטען־טיש און גענומען שפּיעלען; זעקס פּענס יעדע פּאַרטי. אויף בלויז פֿערגעניגען שפּיעלט מען

געגומען". דערום האָט די דעלעגאַציע ניט געזאָלט קומען מיט בקשות און תחנונים, נאָר הויך האָט זי געזאָלט פאָדערן, דאָס וואָס דעם פאָלק געהערט. אין פאַל פון נישט געלינגען האָט זי געזאָלט שאַרף אַרויסטרעטען געגען די הערן, וואָס געוועלטיגען איבער די יודישע קנעכט אין ארץ ישראל. די קנעכטשאַפט מוז צוריסען ווערען, ווען דאָס וועט אפילו בריינגען דערצו, דאָס דער באַראָן וועט זיך אָבזאָגען פון צו שטיצען ווייטער די קאָלאָניעס. ווען די איצטיגע קאָלאָניזאַציאָן וועט אויך געשטעלט ווערען אין סכנות. „פרייהייט ווערט געקויפט דורך קרבנות, און דאָס צוקינפטיגע גליק ווערט שטענדיג געקויפט דורך איצטיגעס ליידען".

אין דעם ליכט פון אזאַ פראָגראַם, וועלכעס אחד־העם ניט דער דעלעגאַציע, קריגט זי אַ גאַנץ אַנדער פנים. אַנשטאַט נדבות־קלויבער ווערען די חברים פון דער דעלעגאַציע פאָלקס־פערטהיידיגער און פרייהייטס־קעמפפער.

דאָס דאָזיגע פראָגראַם איז אויך געווען אָנגענומען פון דער גאַנצער דעלעגאַציע, אָבער נור אויפ'ן וואָרט. די איבריגע חברים זענען ניט געווען דורכגענומען ווי אחד־העם פון זיינע געדאַנקען איבער דעם צוועק פון דער דעלעגאַציע, דער הסכם צווישען איהם און זיי איז געווען נור פון אויסענווענינ, און ביי דער ערשטער געלעגענהייט איז ער אויך צוריסען געוואָרען.

קען מען אָבער בעשולדיגען די דעלעגאַציע פאַר איהר שוואַכקייט, וואָס זי האָט אין לעצטען רגע אַרויסגעוויזען און וואָס זי איז צוריקגעטרעטען געגען דעם לעצטען טריט, דעם איינציג ריכטיגען און קלוגען, וועלכען זי האָט געזאָלט מאַכען נאָך דער מיינונג פון אחד־העם? אויך די דעלעגאַטען ווייסען גאַנץ גוט, ווי יעדער איינצעלנער, דאָס דער באַראָן האָט ניט דאָס רעכט ביי אַלע זיינע גרויסע טובות, וואָס ער האָט דער קאָלאָניזאַציאָן ערוויזען, זיך צו בענעהן אין ארץ ישראל מיט די קאָלאָניסטען אַזוי ווי ער וויל אַליין. אויך די דעלעגאַטען זענען דער דעה, דאָס די אדמיניסטראַציאָן איז שעדליך און דאָס די פרייהייט פון די קאָלאָניסטען איז דער איינציגער יסוד, אויף וועלכען עס דאַרף געפיהרט ווערען די ווייטערדיגע אַרבייט, אָבער זענען זיי דען שטעהען געבליבען אין מיטען, ווייל זיי זענען בטל געוואָרען פאַר די מיליאָנען פון באַראָן ראָטשילד און ווייל זיי האָט דער מוטה פערפעהלט איהם אַרויסצוזאָגען דעם גאַנצען ביטערען אמת? קען מען זיי בעשולדיגען אפשר אין דעם, דאָס זיי בריינגען קיין קרבן צוליעב דעם שפעטערען נוצען?

מיר מיינען, אַז די דעלעגאַציע האָט אַנדערש ניט געקאָנט זיך בענעהן, ווי זי האָט זיך בעגאַנגען. אויך אחד־העם זאָגט, אַז פרייהייט ווערט ניט געגעבען, נאָר גענומען. האָבען אָבער מיר, די פריינד פון דער קאָלאָניזאַציאָן אין ארץ ישראל, די קראַפט זיך צו נעהמען די פרייהייט? דען נעהמען זיך די פרייהייט הייסט דאָך ניט צושטערען די ־ז איצטיגע אַרבייט, עס הייסט דאָך געוויס ניט צו זאָגען: איידער אַזוינע קאָלאָניעס איז בעסער גאָר נישט, נאָר נעהמען די פרייהייט הייסט אין דעם פאַל זיך אָבצוזאָגען פון דעם באַראָנס הילף און אַליין, ווי שווער עס זאָל דאָס אונז ניט זיין, אַוועקצושטעלען די קאָלאָניעס אויף די זעלבסשטענדיגע יסודות, לויט אונזער פערלאַנג. קענען מיר אָבער דאָס? קענען מיר דען אַנשטרענגען אונזערע קרעפטען ביז צו אַזאַ גראַד, מיר זאָלען אַליין קענען פיהרען די קאָלאָניזאַציאָן? ווער וועט דען זאָגען אַז יאַ? קיינער וועט דאָך ניט לייקענען, אַז די אינטערעסען פון די יודישע אַרבייטער אין ארץ ישראל זענען אַלעמען געווען נאָהענט און דאָך האָט מען פאַר זיי ביי פיעל אַנשטרענגונגען נור גראָשענס צוזאַמענגעקליבען, בעת עס זענען נייטהיג געווען מיליאָנען. האָט דען דערום געקענט זיין דער קלענ־

נישט אין ענגלאַנד. געווינען אָדער פערשפיעלען—דאָס איז אַלץ איינס, נאָר גלאַט אַזוי שפיעלט מען נישט, און מען זיצט ליעבער ליידיג.

דער אָוועגד איז דורכגעגאַנגען גאָר וואויל; אויף יעדען פאַל זענען מיר, איך און דאָס יונגע פריילין מיס לאַנגהאַם זעהר צופריעדען געווען. איך בין אַזוי פערכשופ'ט געווען פון דעם שענעם געזיכט, אַז איך האָב נישט געוואוסט, וואָס עס טהוט זיך אין די קאַרטען, פערגעסען יעדע ווייליע, וואָס ס'איז טרומף און האָב אָנגעוואָרען איין פאַרטי נאָך דער אַנדערער, און מיט איהר איז אויך דאָס אייגענע געשעהן; זי האָט אויך פערשפיעלט, קוקענדיג אויף מיר און טראַכטענדיג וועגען מיר. נאָר דאָס האָט אונז גאָר ווייניג געקימערט, מיר האָבען נור געפיהלט, אַז מיר זענען גליקליך, און מעהר האָבען מיר נישט געוואָלט וויסען, און געוואונשט זיך נור, אַז דאָס געפיהל זאָל ווי לענגער געדויערען.

איך האָב איהר אויסגעזאָגט דעם סוד פון מיין האַרץ, עס פערשטעהט זיך, גאַנץ ערנסט. און איך האָב איהר איינגערוימט, אַז איך האָב זי ליעב, און זי—זי איז רויט געוואָרען ביז אונטער די האָר, נאָר בעשטאַנען איז זי, און האָט דאָס אייגענע געזאָגט וואָס איך. אַ, דאָס איז געווען דער שענסטער אָווענד פון מיין לעבען! יעדעס מאָל, אַז איך האָב גערעכענט מיינע לעווען און געצעהלט די קאָרטען, האָב איך געענדיגט דערמיט — גאַנץ שטיל, פערשטעהט זיך: „גאָט דו מיינער! ווי שען דו ביזט!" אָדער דעם געליבען אַזעלכע ווערטער, אויף וואָס זי האָט מיר יעדעס מאָל אַ שאָקעל געגעבען מיט'ן קאָפּ, אַז זי האָט געהערט, און האָט צוגעלעגט די ווערטער: „צי בין איך אין אָמת אַריין אַזוי שען?" דערצו האָבען איהרע אויגען אויף מיר אַ בליק געוואָרפען, אַזאַ זיסען, גנבה'שען בליק, אַז מיר איז אין אָמת אַריין נאָר צו גוט געווען!

פון דעסטוועגען האָב איך מיך בעגאַנגען מיט איהר אָרענטליך, ווי עס פאַסט פאַר אַ'ן אָרענטליכען מענשען, ווי איך. איך האָב איהר געזאָגט, אַז איך האָב גאָר קיין פערמעגען נישט, חוץ דעם צעטיל אויף אַ מיליאָן, פון וועלכען זי האָט זיך שוין אַ סך אָנגעהערט, און וואָס געהער אייגענטליך נישט צו מיר. זי איז זעהר נייגיריג געווען, און איך האָב איהר גאָר שטיל די גאַנצע מעשה דערצעהלט. זי האָט זיך שיער צושיט פאַר געלעכטער. מיר איז אַפילו אַ חדוש געווען, פון וואָס דאָ איז דאָ צו לאַכען, נאָר געלאַכט האָט זי, הויך, געזונד געלאַכט, און בשעת זי איז ארוים מיט אַ גרוים געלעכטער, וואָס האָט געדויערט אוודאי אַ גאַנצע האַלבע מינוט, האָב איך דערוויל דעם אָטהעם געחאַפּט אום ווייטער צו דערצעהלען. נו, פערשטעהט איהר, אַזאַ מין געשיכטע ווי מיינע, פון וועלכער עס איז ניכער דאָ צו וויינען, וואָס איז פול מיט זאָרג און עגמת־נפש פון אַ'ן אָרימען, עלענדען מענשען,—אָט די געשיכטע האָט ביי איהר גאָר אַרויסגערופען איין געלעכטער נאָכ'ן אַנדערען. און טאַקי. דעריבער האָב איך זי נאָך ליעבער געקריגען, וואָס זי קאָן פרעהליך זיין, בשעת אַנדערע וואָלטען טרויעריג געוועז. טאַקי אַזאַ ווייב, האָב איך געקלערט, איז פאַר מיר. געוועהגליך, האָב איך איהר ערקלערט, אַז מיט דער חתונה וועלען מיר מוזען וואַרטען אַפאָר יאָהר, ביז איך וועל אויסצאָהלען מיינע חובות און וועל קענען לעבען פון געהאַלט. זי איז בעשטאַנען און וואָרענט מיך נאָר, אַז איך זאָל זעהן קאַרג צו לעבען, כדי מיין געהאַלט פון דריטען יאָהר זאָל בלייבען ריין. דערצו מיינט זי, אַז מיר אַליין קענען זיך משער זיין, ווי גרוים עס וועט זיין דער געהאַלט פונ'ם ערשטען יאָהר. מיר איז דערויף אַ גוטער, פראַקטישער געדאַנק איינגעפאַלען. איך האָב איהר אַזוי געזאָגט: „מיין לעבען, וועסט דו נישט קענען אַזוי גוט זיין, מיט מיר צוזאַמען צוגעהן צו דעם אַלטען הערר'ן ווען ער וועט קומען?"

זי האָט זיך אַביסיל דערשראָקען, אָס ענדע אָבער זאָגט זי: נו, אַז דו רעכענסט, אַז עס איז ניצליך. נאָר ווי קלערסט דו: „פאַסט עס אַזוי?"

— אין אָמת אַריין — איך ווייס? פון דעסטוועגען, פערשטעהסט דו, עס וואָלט אַ סך אויסגעמאַכט, דיין מיטגעהן, רעכען איך.

— אַזוי, געה איך מיט דיר, צי ס'פאַסט, צי נישט. האָט זי געענט־

סטער ספק אויך פריהער, אז מיר זענען נאך ניט דערוואקסען זיך צו נעהמען די פרייהייט. איז דען ניט קלאר געווען פון אנהויב אן, אז מיר האבען נאך ניט די מענשען און ניט די מיטלען, מיט וועלכע מיר זאלען זיך קענען נעהמען די פרייהייט ?

דאס שארפע ארויסטרעטען געגען דעם באראן, וועלכער האט ניט אנגענומען דעם פארשלאג פון דער דעלעגאציע, וואלט איהר געוויס צוגעגעבן א גלאנץ פון זיטליכען שטאלץ און שענקייט.

שען וואלט געווען, ווען מיר וואלטען געקענט זאגען דעם באראן: אייערע מיליאנען האבען פאר אונז נור דעמזעלבען ווערט ווי דער רובל פון דעם ארימאן; אייער הילף נעהמען מיר צוגלייך מיט דער הילף פון דעם אנדערען; געבענדיג אייער הילף אונזער זאך, זענט איהר אבער א גלייכער חבר ווי יעדער אנדערער, אייער דעה איז פאר אונז גלייך מיט דער דעה פון יעדען אנדערען, ווילט איהר זיך ניט בויגען פאר דער מיינונג פון דער מעהרהייט, בעווייזט איהר נור דורך דעם, דאס די זאך איז אייך ניט טהייער, און דערום קענען מיר אייער נדבה ניט אננעהמען.

שען און שטאלץ וואלט געווען אזא אויפטרעטען, אבער ניצליך ? האבען מיר דען דאס געקאנט זאגען, ווען מיר אליין טהון גאר ניט און ווען מיר אליין גיבען גאר נישט ? דערום האבען די דעלעגאטען גוט געטהון, דאס זיי זענען ניט געגאנגען ביז צום סוף מיט אחד־העם'ן און דאס זיי האבען זיך אבגעזאגט פון דער זיטליכער שענקייט צוליעב דעם פראקטישען נוצען. אמת, די דעלעגאטען זענען אוועק ווי אבגעשמיסענע נאראנים, אבער דערפאר מיט דעם וויסען, דאס זיי האבען דער זאך ניט געשאדט, און דאס איז דאך געוויס בעסער, ווען זיי וואלטען אוועק ווי חכמים, נאר מיט דעם שווערען בעוואוסטזיין, דאס זיי האבען צוריסען דעם בנין פון דער קאלאניזאציאן.

מיר פערענטפערן די דעלעגאציע, ווייל זי האט ניט געקאנט פאדערען און פראטעסטירען, ווייל זי האט איבערהויפט ניט געקאנט פאהרען מיט דעם פראגראם פון אחד־העם צו געהן ביז צום אויסערסטען, אבער דערמיט זענען מיר פונדעסטוועגען אויך גאנץ ווייט פון דעם, צו פערענטפערן די דעלעגאציע אין אלץ. דער דאנקאדרעס, וואס איז געבראכט געווארען דעם באראן ראטשילד, און די שתדלנות פון מיטגליעדער פון אדעסער קאמיטעט (די הערען גרינבערג און בארבאש), וואס האבען געפיהרט אין דער דעלעגאציע איין אייגענע פאליטיק, האבען צוגענומען פון דער דעלעגאציע דעם לעצטען רעשט כבוד און געמאכט די דעלעגאטען פאר נדבות־קלויבער און קריכער.

אחד־העם איז בעת זיין לעצטען זיין אין ארץ ישראל געקומען צו דער איבערצייגונג, דאס די אדמיניסטראציע איז דער שטן המשחית אין דער קאלאניזאציאנסארבייט און דאס זי מוז וואס גיכער אבגעשאפט ווערען. יעדער פון אונז ווייס גענוג, ווי שעדליך עס האבען געווירקט די מנהיגים פון די קאלאניעס, אבער מיר מיינען דאך, דאס די אדמיניסטראציע איז ניט נור די איינציגע וואס איז שולדיג אין דעם איצטיגען שלעכטען מצב, מיר מיינען, דאס זי איז אויך ניט דער עיקר, אין וועלכען סיליגט אלדעס בייז. עס דארף ניט פערגעסען ווערען די מאוימ׳דיג גרויסע ארבייט, וועלכע עס האבען געהאט אויף זיך אונזערע קאלאניסטען און די פיעל מכשולים, וועלכע זענען געלעגען אין דער פרעמדער סביבה, אין דער פיינדליכער רעגירונג און אין דער נייטהינקייט צו קריגען פון דער ערדארבייט א פיעל גרעסערען לאהן, ווי אלע אנדערע ערדארבייטער, ווייל די יודען האבען דאך קיינמאל ניט געוואלט און אויך ניט געקאנט אראבגעהן צו די נידריגע בעדערפענישען פון די ערדארבייטער ביי אנדערע פעלקער. די קלאס פון ערדארבייטער איז אומעטום די נידריגסטע און ארימסטע און מיט די קלענסטע בעדערפנישען, די ערד־

---

פערט בענייסטערט, וואס ס׳האט זי נאך שענער געמאכט. — איך פיהל מיך גליקליך צו קאנען עפים טהון פאר דיר.

— „עפים", זאגסט דו, אלץ טהוסט דו. דו ביזט אזוי שען, אזוי ליעבליך, האסט אזוי פיעל חן, אז קוים וועל איך דיך האבען ביי דער זייט, געהענדיג צו מיין קינפטיגען פרינציפאל, וועט ער מיר אהן שום טענות די בעסטע שטעל געבען. עס זאל איהם אפילו אויסקומען ארים דורך מיר צו ווערען.

איך זאג אייך, מען האט דאס געדארפט זעהן, ווי דאס בלוט האט איהר אין פנים ארייננעשלאגען פאר שמחה, און ווי איהרע אויגען האבען געשיינט פאר נחת.

— דו חונף דו, האט זי געזאגט אביסיל קאקעטיש, דאס אלץ וואס דו זאגסט וועגען מיר, איז נישט וואהר, איך בין גאר נישט שען, נאר מיטגעהן וועל איך. אפשר וועסט דו דורך דעם געוואהר ווערען, אז ביי אנדערע בין איך נישט אזוי שען, ווי ביי דיר.

צי האב איך יעצט נאך געקאנט מסופק זיין, צי האט מיר יעצט געקאנט אנדערש איינפאלען ? איך בין יעצט שוין זיכער געווען, אז מיין געהאלט וועט בעטרעפען צוועלף הונדערט פונט א יאהר. איהר אבער האב איך דערפון גאר נישט געזאגט, כדי איך זאל זי קענען פלוצלינג דערמיט איבערראשען.

אהיים געהענדיג האב איך א גאנצען וועג פאנטאזירט און אזוי פערקראכען אין די פלענער פון מיין נייעם גליק, אז איך האב קיין ווארט נישט געהערט פון דעם, וואס האסטינגס, מיין חבר פון סאן פראנציסקא, האט מיר דערצעהלט. ערשט אין דער היים, אז מיר זענען געזעסען ביי מיר אין סאלאן, און האסטינגס האט גענומען ריהמען מיין סאלאן, בין איך ערשט צו מיר געקומען.

— לאז מיך א רגע שטעהן רוהיג — זאגט ער — איך זאל מיך קענען זאט אנקוקען! גרויסער גאט! דאס איז דאך א פאלאץ, א׳ן אמת׳ער פאלאץ!

קיין זאך פעהלט נישט צו דער ארדענונג. הענרי, דא ווער איך נישט נאר דאס געוואהר, ווי רייך דו ביזט, נאר אויך פיהל איך דא מיט מיין גאנץ הארץ, ווי ארים איך בין, ווי עלענד, ניעדערגעשלאגען און צובראכען...

חאפט עס דער טייוועל! דיינע ווערטער האבען אויף מיר געווירקט ווי א קאלטער וואסער־שטראם. איך בין אין איין מינוט ווי פון א חלום אויפגעקומען, און האב מיך דערמאנט דערינען, אז מיין לאגע אליין איז זעהר א געפעהרליכע, אז איך קאן אין איין מינוט באנקראט ווערען. איך האב גאר נישט געוואוסט, אדער נישט געוואלט וויסען, אז דאס איז נור א חלום, א זיסער חלום, נישט מעהר; נאר יעצט — גאט דו מיינער! איבער די אויערען אין חובות, און קיין גראשען געלד אין קעשענע, דערצו בין איך פערבונדען מיט אזא שען מיידיל, און וואס קאן איך איהר געבען? מיין געהאלט? נאר פון דעם וועט אויך ווערען א גאר נישט, איך וועל נישט אויסהאלטען דעם חדש! א געוואלד! וואס טהוט מען? איך בין א פערלארענער!

— הענרי — רופט ער זיך אן — אפשר וואלט איך עפים געקאנט ביי דיר פערדיענען?

— אח, פערדיענען! אט איז א הייסער פונש, טרינק און פערטרייב דיינע שווערע געדאנקען. ווארט! דו ביזט הונגעריג, זעץ דיך און —

— ניין, עסען וועל איך נישט. איך קאן שוין אפאר טאג גאר נישט אין מויל אריינגעמען: טרינקען, זעהסט דו, וועל איך, ביז איך וועל אויף די פים שוין נישט קענען שטעהן.

— א סוף! טרינקען מיר, ווי לאנג דו ווילסט. נו, דערצעהל דיין געשיכטע פון אנהויב ביז סוף. איך וועל דערווייל זעהן מכח דעם פונש.

— מיין געשיכטע? וואס רעדסט דו? נאך אמאל?

— וואס רעדסט דו עפים: נאך אמאל?

— וואס וואונדערסט דו דיך? איך פרעג, צי דו ווילסט מיין געשיכטע נאך אמאל הערען?

— נאך אמאל! ווען האסט דו זי דען מיר דערצעהלט? ביזט שכור, אויף מיין עהרליך ווארט.

ארבייטערקלאס געהט אומעטום אליך צו ביסליכווייז אריבער אין אנדערע קלאסען, און אונזער אויפגאבע אין דער קאלאניזאציאן איז גראדע פערקעהרט: אנדערע קלאסען צו מאכען פאר ערדארבייטער מיט די גרעסערע בערערפענישען פון די העכערע קלאסען. ביי אזא שווערער ארבייט, וועלכע איז געלעגען אין דער טבע פון דער בעוועגונג, און ביי די גרויסע מכשולים פון דער טערקישער רעגירונג, וועלכע שטיקט אליין — דורך איהר אונוויסענהייט דאס ווירטשאפטליכע לעבען פון איהרע לענדער, איז זעהר שווער צו ווייזען אויף די אדמיניסטראציע ווי אויף די עיקר סבה פון אלע פעהלערן און צרות. מיר מיינען ווייטער, אז די קאלאניסטען, וועלכע זענען ביז איצט אנגעוועהנט געווען געפיהרט צו ווערען פאר די הענד, קענען ניט דורך די פלוצימדיגע פרייהייט מיט אמאל אליין אנהויבען צו געהן. צו פרייהייט מוז מען ערצוינגען ווערען, די פרייהייט קען געבראכט ווערען נור צו ביסליכווייז, און מיר גלויבען גיט, דאס די קאלאניסטען זענען שוין איצט ווערט די פרייהייט, וועלכע פאדערט פאר זיי הערר אחד־העם. עס איז דערום דערווייל גאנץ גענוג, ווען יק״א זאגט צו, אז אויך זי האלט פאר איהר חוב צו מאכען די קאלאניסטען זעלבסטשטענדיג און צו ביסליכווייז צו פערקלענערען די ראליע פון די מנהיגים.

אחד־העם איז דורך דאס בענעהמען פון דער דעלעגאציע טיעף בעטריבט. ער קלאגט אויף דעם, דאס עס איז ניטא ביי אונז קיין נאציאנאלע ארבייט, דאס אומעטום הערשען נור קנעכטשאפט און שנארעריי, אבער ווען האט דען אחד־העם אנדערש געמיינט, ווען האט ער דען יא געזאגט, אז ביי אונז איז דא א געזונדע ארבייט, ווען איז ער דען יא געווען צופרידען? איז דען אחד־העם ניט דער ערשטער געווען, וועלכער האט אם טיפסטען געפיהלט דאס עקעל ביי דער פרייד פון די צופרידענע, וועלכע פלעגען ביי יעדע ח״י קאפיקעס צוזאמענלעגען די הענד און אויפהויבען די אויגען צום הימעל מיט ברכה שהחינו אדער מיט די ווערטער "הגדלנו לעשות".

פאר וואס זשע איז ער איצט טרויריגער ווי אלע מאל? איז עס דען ניט דערפאר, וואס ער האט דער שליחות צוגעשריבען א צו גרויסע בעדייטונג, וועלכע די דעלעגאציע האט בשום אופן נישט געקאנט האבען? ליגט דען ניט די סבה פון זיין יאוש אין דעם, דאס די שליחות איז פאר איהם געווארען צו א פריהצייטיגען און ניט נייטהיגען פרייהייטסקאמפף פאר די קאלאניסטען און צו א מלחמה געגען די אדמיניסטראציע, וועלכע איז אין זיינע אויגען אויסגעוואקסען פאר דאס פעקערפערטע שלעכטס פון אונזער גאנצער בעוועגונג?

י. ל.

---

# די געשיכטע פון דער יודישע בעפרייאונג אין פראנקרייך.

די געשיכטספארשונג האלט די געשיכטע ניט פאר פראסטע ידיעות און מעשיות, וואס שטעהען אהן צוזאמענהאנג איינע מיט דער אנדערער, נאר זי זוכט אין דער געשיכטע פילאזאפיע, ד. ה. זי זעהט אין איהר ווי אין דער גאנצער נאטור א לאנגע קייט פון סבות און ווירקונגען. עס איז ניטא קיין צופאל אין לעבען פון דער מענשהייט. וואס עס איז געוועזען, דאס האט געמוזט זיין. אפילו די פעהלער זענען נייטהיג אין דער היסטאריע, ווי די קראנקהייטען אין דער נאטור. קיין געשיכטע פון קיין פאלק בעווייזט ניט אט דעם געדאנקען אזוי קלאר ווי די יודישע געשיכטע. מען זעהט דא אומעטום ווי אליך וואקסט ארויס פון דעם פריהערדיגען, מען זעהט ווי דער דרך און שטייגער פון יעדער צייט קומען ארויס פון די פריהערדיגע דרכים און

---

— לאז געמאכט, הענרי, דו מאכסט חוזק פון מיר, צי וואס? איך האב דיר דאך אויפ'ן וועג אליך כסדר דערצעהלט.

— דו?

— יא, איך.

— איך לאז מיך הענגען, אויב איך געדענק איין איינציג ווארט דערפון.

— הענרי, וואס טהוט זיך מיט דיר? מיט וואס האסט דו דיך אנגע'שכור'ט ביים געזאנדטען?

מיר האט אנגעהויבען קלארער צו ווערען אין קאפ, און איך האב מיך דערמאנט, אז ביים געזאנדטען האב איך מיך טאקי שטארק אנגעשכור'ט — מיט'ן מיידיל!

מיר האבען זיך איינער דעם אנדערען פעסט געדריקט די הענד, אזוי לאנג ביז זיי האבען אונז שוין גענוג וועה געטהון. פון דעם, וואס איך האב קיין זאך נישט געדענקט פון זיין גאנצער ערצעהלונג, וואס האט געדויערט גאנצע אנדערהאלבען שעה — דער וועג פון געזאנדטען ביז צו מיר אהיים — פון דעם האט ער קיין ווארט נישט גערעדט. ער איז רוהיג געזעסען און דערצעהלט מיט זיין געוועהנליכען גוטען געמיטה און געדולד די גאנצע מעשה פון אנהויב אן.

קורץ גערעדט, איז מיט איהם אזוי געשעהן: עפים א געזעלשאפט פון קוילען־גראבען האט איהם ארויסגעשיקט קיין לאנדאן צו פערקויפען די אקציעס און אבגעמאכט האט מען מיט איהם, אז וואס ער וועט לייזען מעהר ווי א מיליאן דאלאר געהערט צו איהם. ער האט גערעכענט, אז ער וועט מאכען א גליקליך געשעפט און האט זיין איינענעם לעצטען דאלאר אין דעם געשעפט אריינגעלעגט, אזוי אז ער איז געבליבען אהן א העלער. די אקציעס אבער האט קיינער נישט געקויפט און ער איז געבליבען, ווי א צובראכענע שיף אין מיטען רוישענדיגען ים. אם ענדע וועגדעט ער זיך צו מיר מיט די ווערטער:

— הענרי, דו קענסט מיך ראטעווען. דו אליין נור דער איינציגער אויף דער גאנצער וועלט. ווערסט דו מיך ראטעווען? אדער ווערסט דו מיך נישט ראטעווען?

— פריהער זאג מיר, ווי אזוי איך קען דיך ראטעווען. ערקלער מיר, אדרבא.

— נעם פון מיר צו די אקציעס און גיב מיר א מיליאן דאלאר און אויף די הוצאה אהיים. איך בעט דיך, זאג נישט "ניין".

עס איז אין דער אמת'ן נישט געווען אויסצוהאלטען. איך בין שיער נישט משוגע געווארען.

— אילאיד, זאג איך, איך בין דאך אליין א בעטלער, אהן א גראשען געלד, און בין נאך הינטערשטעליג מיט חובות.

נאר דא איז מיר גאר א גליקליכער געדאנק געקומען אין קאפ אריין. איך האב די צייהן מיינע געביסען און האב מיך אזוי לאנג איינגעהאלטען, ביז איך האב געקראגען אזא קלארען בליק אויף די זאכען, וואס נור גרויסע קאפיטאליסטען האבען. דערנאך האב איך מיך אנגערופען מיט א געשעפטליכען, רוהיגען טאן:

— איך וויל דיך ראטעווען.

— אזוי בין איך שוין געראטעוועט. זאל דיך גאט בענשען דערפאר, אז איך זאל —

— לאז מיך אויסרעדען, אילאיד. איך וויל דיר העלפען, אבער נישט אזוי ווי דו מיינסט. אט וואס מיר ווילען טהון, איך קען דאך גאנץ גוט די דאזיגע קוילען־גראבען און וויים, אז דאס געשעפט איז א גליקליך געשעפט און קאן דאס יעדען זאגען. הער, אין די לעצטע פיערצעהן טאג ווערסט דו פערקויפען אקציעס פאר דריי מיליאן דאלאר, דו זאלסט דיך נור בענוצען מיט מיין נאמען, וויפיעל דו ווערסט ווילען, דו ווערסט דיך נור פעררופען אויף מיר. און מיט'ן פערדיענסט ווילען מיר זיך טהיילען האלב אויף האלב.

שטיינערס. מען רעדט אויך פיעל פון דער גערעכטיגקייט אין דער געשיכטע. פיעל גערעכטיגקייט האבען די יודען אין דער געשיכטע פון נאך דעם גלות אן ניט דערלעבט, און פון דעסטוועגען זעהט מען דאך אויך אומעטום, אז די זון מיט איהרע ליכטיגע שטראהלען ווערט נור פאר א קורצע צייט פערדונקעלט און קומט דאך דערנאך ווידער ארויס און בעווייזט איהר קראפט. ענגלאנד און פראנקרייך זענען געוועזן די ערשטע לענדער, וואס האבען ארויסגעטריבען די יודען, און זיי זענען אבער געוועזן די ערשטע לענדער, וואס האבען געגעבען די יודען די גאנצע פרייהייט און זיי געמאכט פאר בירגער מיט גלייכע רעכטע ווי די אנדערע מענשען.

אז מען פערגלייכט די געשיכטע פון דער יודישער בעפרייאונג אין פראנקרייך מיט דער געשיכטע אין דייטשלאנד, זעהט מען א גרויסען אונטערשיעד. אמת טאקע אז מתנות האט מען די יודען אין קיין ארט ניט נעגעבען און זיי האבען נעמוזט אומעטום שטרייטען פאר זייערע רעכטע און שווער ארבייטען פאר זייערע פרייהייטען. אבער אין דייטשלאנד האט גדויערט די ארבייט ביז 30 יאהר און אין פראנקרייך 2 יאהר. אין דעם הייסען קלימאט פון פראנקרייך איז די פרוכט פון פרייהייט א סך גיכער געוואקסען און איז באלד צייטיג געווארען.

די געשיכטע פון דער יודישער בעפרייאונג אין פראנקרייך פאלט צוזאמען מיט דער געשיכטע פין דער ערשטער רעוואלוציאן. אין דער צייט, וואו דער שטארקער ווינד האט אוועקגעבלאזען אלע אלטע נארישקייטען און האט געשאפען א נייע וועלט מיט נייע אידעען און נייע אידעאלען, אט דא האט אויך פאר די יודען געשיינט די זון, די גאנצע מענשהייט איז מיט איינמאל געווארען יונג און פריש, מען האט פערגעסען דעם אונטערשיעד פון רעליגיאנען און פון בעזונדערע קלאסען, מען האט זיך בעגייסטערט פאר מענשענרעכטע און פאר פרייהייט. דא האט מען זיך אויך דערמאנט אן די צרות פון די יודען און מען האט זיי פריי געמאכט פון די קייטען, וואס זיי האבען געטראגען לאנגע יאהרהונדערטען.

אין גאנץ פראנקרייך האבען געלעבט אים 18־טען יאהרהונדערט 50־60 טויזענד יודען, דערפון איז געווען די העלפט אין עלזאס. די גרעסטע געמיינדע איז געוועזן אין מעץ, וואו גרויסע בעריהמטע גאונים האבען געפיהרט די רבנות און האבען געהאלטען ישיבות. אין מעץ האבען געלעבט 420 פאמיליען אדער 3־2 טויזענד נפשות. אין דער גאנצער מדינה לאטהרינגען חוץ מעץ האבען נור געטארט וואהנען 180 פאמיליען און זיי האבען זיך ניט געטארט פערמעהרען. אין פאריז איז געוועזן א קליינע בעהאלטענע געמיינדע פון 500 נפשות און אין בארדא אויך אזוי פיעל. א חוץ דעם זענען געוועזן אין די מדינות וואס האבען געהערט דעם פאבסט, אין אוויניאן און קארפענטראס בערך 3000 יודען, מעהרסטענס ספרדים. דא האבען זיי געהאט א ביסיל מעהר פרייהייט ווי אין די דייטשע מדינות עלזאס און לאטהרינגען. זיי האבען דא געמאגט קויפען לאנד און הייזער און פיהרען געשעפטען. גוט האבען עס געהאט די יודען אין בארדא און אין באיאנן, ווייל זיי האבען דארט געהאט אלטע רעכטע. צווישען די איינצעלנע געמיינדען איז ניט געווען קיין צוזאמענהאנג ווייל די רדיפות האבען זיי פון איינאנדער געריסען. דערצו זענען נאך געקומען שנאה און מחלקות צווישען די ספרדים און די אשכנזים און זיי האבען איינע אויף די אנדערע אפט געמסר'ט און צרות אנגעטהון. מען קען פערשטעהן אז עס איז געוועזן שווער, אז די דאזיגע יודען זאלען זיך פערייניגען און זאלען ארבייטען צוזאמען פאר כלל ישראל. די גרעסטע צרות און רדיפות האבען געליטען די

אילאיד איז אזוי אויסער זיך געווארען פאר גרוים פרייד, אז ער האט משוגע ארומגעטאנצט איבער דער שטוב און וואלט מיר אלץ אין דער שטוב צובראכען אויף שטיקליך, ווען איך וואלט איהם נישט קיין פוס אונטערגעשטעלט און הענד און פיס געבונדען. געבונדענערהייט ליגענדיג האט ער אלץ נאך געשריען: „אזוי, אזוי, דיין נאמען וועט מיר צוניץ קומען, מיט דיין נאמען וועל איך אלץ מאכען! פערשטעהסט דו, מענש איינער! זיי וועלען נאך קומען צולויפען, די לאנדאנער קאפיטאליסטען, בעטען זיך א'ן אקציע. איך בין געראטעט, פערשטעהסט דו, איך וועל דיך קיינמאל נישט פערגעסען, קיינמאל נישט!"

עס האט קיין פיער און צוואנציג שעה נישט גדויערט, ביז די זאך איז שוין אין גאנץ לאנדאן בעקאנט געווארען. א גאנצען טאג האט ביי מיר די טיהר נישט גערוהט, און איך האב אלעמען געענטפערט: „יא, איך האב איהם געזאגט, אז ער זאל זיך פעררופען אויף מיר, איך קען גאנץ גוט דאס געשעפט. איהם אליין קאן מען אויך טרויען, און די אקציעס וועלען א סך מעהר ווערטה, וויפיעל ער פערלאנגט."

דערווייל האב איך יעדען אווענד פערברענגט ביים געזאנדטען און מיך געזעהן מיט מיין כלה. פון דעם נייעם געשעפט מיט די אקציעס האב איך איהר קיין ווארט נישט געזאגט, איך האב עס בעהאלטען, זי איבערצוראשען פלוצלינג מיט דער גוטער בשורה. גערעדט האבען מיר פון אונזער ליעבע און פון געהאלט, אמאל פון דער ליעבע, אמאל פון געהאלט, טהייל־מאל—פון ביידע צוזאמען. און אין מיטע'ן, גאט דו מיינער, ווי אינטערעסאנט עס איז געווען! וואס פאר א מיני שפיצליך דאס ווייב און די טאכטער פונ'ם געזאנדטען האבען אויסגעקלערט, אז מען זאל אונז אונזער ליעבע נישט שטערען און אז קיינער, דער געזאנדטער אפילו, זאל דערפון נישט געוואהר ווערען. אח, פון וייער ווייט איז עס אין דער אמת'ן געווען זעהר פיין און איידעל!

אז דער חודש האט זיך געענדיגט, האב איך פערמאגט א גאנצען מיליאן דאלאר פון דעם נייעם געשעפט, און מיין פריינד, האסטינגס, אויך אזוי פיעל. זעהר שען אנגעטהון און גרויסארטיג אויסגעפוצט פאהר איך מיר איבער'ן פארטלאנד־פלאץ פערביי, און אין די פענסטער פון דער וואהנונג האב איך אנגעזעהן, אז מיינע לייט זענען שוין צוריק געקומען. דאן בין איך געפאהרען צום געזאנדטען, גענומען מיין געליעבטע און מיט איהר צוזאמען פערפאהרען פאר'ן הויז. אויפ'ן גאנצען וועג האבען מיר נור גערעדט וועגען מיין געהאלט. זי האט זעהר ערנסט גערעדט וועגען דעם און איז דערביי אזוי שען געווען, אז ס'איז קוים געווען אויסצוהאלטען.

— מיין נשמה, זאג איך צו איהר, לויט ווי דו זעהסט יעצט אויס, וואלט א'ן עברה געווען צו נעמען א גראשען ווייניגער ווי דריי טויזענד פונט א יאהר.

— הענרי, הענרי, זאגט זי, געדענק, ווי דו האלסט, דו קאנסט נאך אלץ קאליע מאכען.

— זיי רוהיג, גיב נור אכטונג, אז דו זאלסט אויסזעהן אט ווי יעצט, און פערלאז דיך אויף מיר. איך וועל שוין מאכען, עס זאל גוט זיין.

א גאנצען וועג האב איך זי געברויכט איבערצורעדען, זי זאל זיין פעסט ביי זיך, און זי האט אלץ גערעדט דאס איהריגע:

— געדענק, הענרי, אז אויב דו וועסט צו פיעל פערלאנגען, וועסט דו גאר קיין שטעל נישט האבען, און וואס וועט פון אונז ווערען, אז מיר וועלען נישט וויסען פון וואנען מיר וועלען האבען צו לעבען?

דער איינענער דיענער האט אונז אריינגעלאזט און דא האבען מיר געטראפען די איינענע צוויי בעיאהרטע הערן. עס פערשטעהט זיך, אז זיי זענען ביידע גאר איבערגעראשט געווען פון דער שענהייט, וואס איך האב מיטגעבראכט מיט זיך, איך האב זיי דערקלערט:

יודען אין עלזאס. אין שטראסבורג האבען זיי נאר ניט געטארט וואהנען און אומעטום האבען זיי געמוזט צאהלען שווערע אבצאהלונגען און זענען געווען הפקר אין די הענד פון די בעאמטען.

דער ערשטער, וואס האט אנגעהויבען צו ארבייטען פאר טובת הכלל און צו זארגען פאר די רעכטע פון זיינע ברידער, איז געוועזען ר' נ פ ת ל י  ה י ר ץ  מ ע ד ע ל ס ה י י ם וואס האט זיך שפעטער גערופען ס ע ר ף  ב ע ר ר. ער האט געלעבט פון 1730 ביז 1793. ער איז געוועזען איין רייכער מאן, איין גרויסער למדן און איין בעריהמטער בעל צדקה. האטש ער איז געוועזען פרום, האט ער פון דעסטוועגען זיך בעגייסטערט פאר די אידעען פון מענדעלסזאהן און האט געוואלט פערבינדען תורה מיט השכלה און דרך ארץ ביי די יודען. ער איז געוועזען איין פאדראטשיק פאר דעם פראנצויזישען חיל און ווייל ער האט אין דער צייט פון הונגער געטהון א סך טובות פאר פראנקרייך האט ער דער ערשטער נעקראגען פון מיניסטעריום דאס רעכט צו וואהנען אין שטראסבורג. אז ער האט דערנאך געדארפט האבען מעהר יודען פאר זיין געשעפט און א מנין יודען פאר זיינע רעליגיעזע בעדערפענישען, האט מען איהם ערלויבט, זיי אהין צו נעהמען און צו מאכען א קליינע געמיינדע. ער האט אויפגעקויפט הייזער און האט אנגעהויבען מאכען פאבריקען, כדי די יודען צו געוועהנען צו קערפערליכער ארבייט, דערפאר האבען איהם די דייטשען אין שטראסבורג פיינד געהאט און זיי האבען געוואלט ווידער ארויסטרייבען די יודען פון דער שטאדט. דאס האט איהם געבראכט אויף דעם געדאנקען, טאמער וועט עס זיין מעגליך, אז מען זאל קענען קריגען רעכטע פאר די יודען אין גאנץ פראנקרייך.

סערף בערר האט זיך געמאכט א פלאן און האט אנגעהויבען פאמעליך און מיט שכל צו ארבייטען פאר זיין ציעל. אין דייטשלאנד איז דענסטמאל ארויסגעגאנגען א בוך פון מענדעלסזאהנס פריינד דעם אוהב־ישראל דאהם, וואס איז באלד געווארען זעהר בעריהמט. בערר האט געלאזען דאס בוך איבערזעטצען אויף פראנצויזיש און האט עס פערברייטעט אין פראנקרייך, אום צו דערוועקען ביי דער רעגירונג און ביי די געבילדעטע קלאסען ליעבע און רחמנות צו די אונטערדריקטע יודען. ער האט אנגעהויבען בעטען די רעגירונג, מען זאל האטש לאזען די יודען אומעטום וואהנען, און אין דעם קעניגליכען הויף האט מען זיין בקשה פריינדליך אויפגענומען. אויך פון אנדערע זייטען זענען געקומען בקשות אז מען זאל פערגרינגערען דאס לעבען פון די יודען אין עלזאס און לאטהרינגען; קעניג לודוויג דער זעכצעהנטער איז געוועזען גוטהארציג און האט אין יאהר 1783 צוזאמענגערופען א יודישע קאמיסיאן, כדי זיך מיַעץ צו זיין ווי מען זאל פערבעסערן זייערע לאגע. אין דער קאמיסיאן איז געוועזען סערף בערר דער הויפטפיהרער, חוץ איהם זענען געוועזען פיעל אנגעזעהנע יודען פון אלע טהיילען פון פראנקרייך, ב ע ר ר  א י ז א ק  ב ע ר ר אויס נאנסי אין לאטהרינגען, פ ו ר ט א ד א און ג ר א ד י ס פון באררא, איזאאק ר א ד ר י ג, ל א פ ־ ד י ד ע ק און נאך פיעלע אנדערע. די ערשטע פרוכט פון דער קאמיסיאנס ארבייט איז געוועזען, אז דער קעניג האט אין חדש יאנואר 1784 אבגעשאפט דעם לייבצאל. ביז דעמאלט האט יעדער יוד ווי יעדע בהמה געמוזט צאהלען בייס אריינפאהרען אין שטאדט לייבצאל. דאס דאזיגע געזעץ, וואס איז געוועזען א גרויסע חרפה און האט דעם יודען דערנידריגט ווי דאס פיה איז געווען בעזונדערס הארט פאר די דייטשע לענדער ווי עלזאס און לאטהריגגען. דאס איז געוועזען דער אנהויב פון דער בעפרייאונג. סערף בערר האט זיך געפרעהט מיט דעם נייען פארשריט און האט וועגען זיין גרויסער שמחה מודיע געוועזען זיינע בערלינער פריינד.

— עס זאל אייך נישט וואונדערען, מיינע הערדען, דאס איז מיין געליעבטע, מיין כלה. דא האב איך זי פארגעשטעלט פאר זיי און אנגערופען די געמען. זיי האבען זיך נאר נישט געוואונדערט פון וואנען איך וויים זייערע נעמען, זיי קלערען, אז איך בין אין „אדרעסע־בוך" געוואהר געווארען. זיי האבען אונז געבעטען זיצען, האבען מיך זעהר פיין צונענומען, זיך בעמיהט אויך מיט איהר זעהר פריינדליך צו זיין. איך האב געזאגט:

— מיינע הערדען, איך בין געקומען, אייך בעריכט אבצוגעבען.

— דאס איז אונז זעהר אנגענעהם, האט זיך אנגערופען דער ברודער פון מיין זייט, יעצט וועט דער וועט אויסגעשפיעלט זיין, אויב איהר האט פאר מיר געוואונען, קאנט איהר אייך אויסקלויבען די בעסטע שטעל ביי מיר. האט איהר נאך דעם מיליאן־צעטיל?

— דא איז ער. און איך האב דערלאנגט דעם צעטיל.

— געוואונען! זאגט ער, און האט זיין ברודער א קלאפ געגעבען אויפ'ן רוקען, — נו, וואס זאגסט דו יעצט, מיין ברודער?

— איך זאג, אז ער האט דורכגעלעבט, און איך האב צוואנציג טויזענד פונט אנגעווארען. איך וואלט עס קיינמאל אין מיין לעבען נישט געגלויבט.

— איך האב נאך א סך צו דערצעהלען, זאג איך, גאר א סך. איך בעט, מיר צו געבען א שעה צייט צו דערצעהלען ווי אזוי איך האב אבגעלעבט דעם גאנצען חודש. איהר מעגט אייך פערלאזען אויף מיר, עס לוינט זיך צו הערען. זייט אזוי גוט, בעטראכט נור אט דאס.

איך האב דערלאנגט א'ן אנווייזונג אויף 200,000 פונט.

— וואס?! 200,0000 פונט! איז דאס אייערס?

— מיינס. דאס איז דאס פערדיענסט מיינס, וואס איך האב פערדיענט דורך די הלואה, וואס איהר האט מיר מיט אזא פריינדליכקייט געגעבען. געקומען איז עס דערפון, וואס איך האב אין אלע געוועלבען אויף בארג גענומען און געוויזען אייער צעטיל און געבעטען רעשט.

— וואונדערליך, א'ן אמת'דיג וואונדער! שווער צו גלויבען!

— עס איז אבער פארט אמת. איך וועל אייך אויסווייזען, איהר ברויכט מיר נישט צו גלויבען אויפ'ן ווארט.

יעצט האט זיך ערשט מיין געליעבטע אנגעהויבען צו פערוואונדערען, און מיט ברייט געעפענטע אויגען זאגט זי:

— הענרי, דאס געהערט טאקי דיר? האסט דו מיר קיינמאל קיין ליגען נישט געזאגט?

— אייגענטליך, האב איך דיר יא אביסיל ליגען געזאגט. פון דעסטוועגען, וויים איך, אז דו וועסט מיר פערצייהען, מיין לעבען.

— זיי נור נישט אזוי זיכער, אז איך האב דיר שוין מוחל געווען; פון דיין זייט איז עס זעהר נישט ערענטליך מיך אזוי אויסצונארען.

— ע, דו וועסט באלד פערגעסען, טהייער לעבען דו מיינס, איך האב מיר נור א געלעכטער געמאכט, קום, מיר וועלען יעצט געהן.

— אח, ווארט נור, זאגט מיין אלטער הערר, מיר ברויכען נאך צו רעדען וועגען דער שטעל, איך ברויך דאך אייך א שטעל צו געבען.

— איך דאנק אייך זעהר, זאג איך, איך ברויך אבער יעצט קיי'ן שטעל נישט.

— איך וואלט אייך אבער געגעבען די בעסטע שטעל, וואס איז פארהאן ביי מיר.

— איך דאנק אייך נאך אמאל פון טיעפען הארץ, נאר איך ברויך נישט.

— הענרי, איך שעם מיך מיט דיר, זאגט זי, דו דאנקסט דעם הערדען נישט א העלפט, וויפיעל דו ביזט שולדיג, ברויך איך דאס פאר דיר צו טהון?

נפתלי הערץ וויזעל, דער העברעאישער דיכטער, האט דעם דאזינען ערשטען שריט פון דער יודישער בעפרייאונג בעזונגען אין א שיר. *)

(פארטזעצונג קומט)

פאביוס שאך.

---

# פאליטישע איבערזיכט.

דער פראיעקט פון די נייע טאריפען אין דייטשלאנד.

אין דער מלחמה פאר האנדעלספרייהייט האט אין דייטשלאנד גובר געווען די לאנדווירטשאפט איבער די פאבריקאציאן. די רעגירונג איז ענטשלאסען ניט קוקענדיג אויף די פראטעסטען פון די ארבייטער צו הויבען די אבצאהלונגען אויף אויסלענדישע געטריידע, פיה און לאנדווירטשאפטליכע פראדוקטען. דעם פראיעקט פון די נייע אבצאהלונגען האט די רעגירונג איצט אבגעדרוקט אין דעם אפיציעלען „רייכסאנצייגער“. עס ווערען אויפגעשטעלט צווייערליי טאריפען: איינער דער געוועהנליכער, דער אנדערער, א נידריגער. אונטער וועלכען די אבצאהלונגען טארען ניט געשטעלט ווערען אין די האנדעלסקאנטראקטען. די הויכע אבצאהלונגען, וואס ווערען פארגעשלאגען, וועלען ברייגנען זעהר גרויסע פערענדערונגען אין דעם האנדעל ניט נור אין דייטשלאנד אליין, נאר אויך אין אלע אייראפעאישע מלוכות, דערהויפט בעריהרען די נייע אבצאהלונגען רוסלאנד און עסטרייך, וועלכע ברייגנען אריין אין דייטשלאנד געטריידע, פיה און האלץ. די פערענדערטע דייטשע אבצאהלונגען וועלען אויך ברייגנען צו פערענדערטע אבצאהלונגען אויף דייטשע סחורות אין די אנדערע מלוכות, און אין דער האנדעלסוועלט שטעהען איצט פאר פערענדערונגען, איינע גרעסער פון דער אנדערער.

די וויכטיגע פערענדערונגען אין האנדעל וועלען ניט בלייבען אהן ווירקונג אויך אויף די פאליטיק, דען די פריינדשאפט פון עסטרייך און איטאליען צו דייטשלאנד וועט ניט לאנג זיך קענען האלטען ווען זי וועט תמיד געשטערט ווערען פון דעם שאדען וואס די נייע דייטשע אבצאהלונגען וועלען ברייגנען זייער האנדעל. די פערענדערונג אין דער דייטשער האנדעלספאליטיק וועט געוויס אויך נייטהען די אנדערע מלוכות אבצוהיטען די אינטערעסען פון זייער האנדעל, און דאס קען ברייגנען צו א גאנץ נייער פאליטישער לאגע און צו גאנץ נייע פאליטישע פערבינדונגען. די נייע אבצאהלונגען וועלען אי דייטשלאנד נאך שטארקער פערשארפען דעם נעגענזאץ צווישען די פאבריקאציאן און לאנדווירטשאפט און שטארקען די נרייצטהייט פון די ארבייטער, וועלכע וועלען איצטער פאר ברויט און פלייש מוזען צאהלען פיעל טייערער.

דער פראיעקט פון דעם האנדעלסמיניסטעריום וועט נאך פערהאנדעלט ווערען אין דעם בונדעסראט, וואו עס נעהמען אנטהייל די פערטרעטער פון אלע דייטשע מלוכות, און אין דעם פארלאמענט און עס איז דערום נאך די האפענונג ניט אויסגעשלאסען, דאס די אבצאהלונגען וועלען אין דעם אדער אין יענעם פינקט פערענדערט ווערען. מיר גיבען דערווייל די לעזער די הויפטפונקטען פון דעם פראיעקט:

---

*) אין המאסף פון יאהר 1786

---

— אוודאי, ברויכסט דו, אז דו קאנסט בעסער. איך וואלט אין אמת אריין געוואלט הערען צי דו קאנסט.

זי איז צוגעגאנגען צו דעם אלטען הערר און געזעצט זיך איהם אויף דער שוים, נעמט איהם ארום דעם האלז מיט איהרע הענד און קושט איהם אין מויל אריין. דערביי האבען זיך די צוויי הערען קוים געקאנט איינהאלטען פון געלעכטער, בשעת ווען איך אליין בין צומישט געווען פאר פערוואונדערונג. זי האט זיך אנגערופען:

— פאפא, ער האט געזאגט, אז פון אלע שטעלען, וואס ביי דיר איז פארהאן, וויל ער קיין איינציגע נישט אננעמען, און איך האב פון דעם עגמת־נפש, פונקט ווי —

— וואס רעדסט דו דען? דאס איז דיין פאפא?!

— יא, מיין שטיעף־פאטער, און דערצו דער בעסטער אויף דער גאנצער וועלט. ני, פערשטעהסט דו שוין יעצט, פאר וואס איך האב אזוי געלאכט, אז דו האסט מיר דערצעהלט דיין זארג, וואס דיר האבען אנגעמאכט מיין פאפא און פעטער און דו האסט נישט געוואוסט, אז איך וויים פון דער זאך!

— איך פערשטעה, ענטפער איך, און האב מיך אנגערופען צום אלטען הערר:

— מיין בעסטער, ליעבסטער הערר, איך מוז מיין ווארט צוריקנעמען. איין שטעל וויל איך יא ביי אייך אננעמען, א שטעל פון א אידעם

— גוט, זאגט ער, נאר איהר זענט דאך נישט געניט אין דער שטעל, ווייס איך צי איהר וועט טויגען אויף דער שטעל? איהר געדענקט, וואס ס'איז גערעדט געווארען: „א שטעל, צו וועלכער איהר טויגט“?

— אזוי, וועט איהר אזוי גוט זיין פראביערען. אין ערך דרייסיגפערציג יאהר וועט איהר מאכען פראבע, און אז איך וועל טויגען, דאן —

— יא, איהר זענט גערעכט. איהר פערלאנגט נישט קיין סך. און אלוא נעמט זי מיט.

צי מיר ביידע זענען גליקליך געווען? איז דען מעגליך צו בעשרייבען אונזער גליק? און ערשט ווי בעריהמט מיר זענען געווארען אין גאנץ לאנדאן, ווען מען איז געוואהר געווארען די מעשה פון אנהויב ביזן סוף, ווי אזוי איך בין געקומען צו דעם צעטיל און ווי אזוי איך האב מיט איהם א גאנצען חודש אבגעלעבט און דערצו נאך אזא טייערען שאץ בעקומען — מיין שענסטע, טהייערסטע כלה! ני, עס איז געווען א לעבען און א פרייד!

מיין געליעבטער פאפא האט דעם צעטיל אבגעגעבען דער באנק און גענומען אויסגעצאהלט דאס געלד; די באנק האט דעם צעטיל אבגערופען, עס האט מעהר קיין ווערטה נישט געהאט, און ער האט עס צוריקגענומען פון דער באנק צום אנדענקונג. אויף אונזער חתונה האט ער אונז דעם צעטיל געגעבען דְרָשָׁה־געשאנק. פון דעמאלס אן הענגט ער ביי אונז אונטער א שויב מיט רעהמען אויף דער וואנד. דען דעם צעטיל האב איך צו פערדאנקען אלץ, וואס איך פערמאג. וואלט איך דעם צעטיל נישט געהאט, וואלט איך נישט געקאנט בלייבען אין לאנדאן, נישט געווען ביים געזאנדטען און וואלט זיך מיט איהר קיינמאל נישט בעגעגענט. דעריבער זאג איך שטענדיג: „אמת, איך האב געהאט א שם פאר א בעזיצער פון א מיליאן פונט; און דאך האב איך אין דער גאנצער צייט, וואס איך האב זי געהאט, נור איין זאך געקויפט, און אויך פאר דער זאך האב איך נישט בעצאהלט א צעהנט־חלק וויפיעל ז'איז ווערטה!“

ענדע.

איבערזעצט דורך N—g.



| | די געוועהנליכע אבצאהלונגען, | די קלענסטע אבצאהלונגען דורך קאנטראקטען | די איצטיגע אבצאהלונגען |
|---|---|---|---|
| פון קארן | 6 מארק. | 5 מארק. | 3½ מארק פאר א מעטערצענטנער |
| — ווייץ | — 6½ | — 5½ | — 3½ |
| — גערסטען | — 4 | — 3 | — |
| — האבער | — 6 | — 5 | — 2,8 |

דער אבצאהל אויף פערפאקטע עפעל און בארן ווערט געהויבען ביז 6 מארק.

פון האפען ווערט דער אבצאהל פערדאפעלט, 40 מארק פאר דעם דאפעלצענטנער.

דער אבצאהל פאר פרישע וויינטרויבען וועט זיין 15 מארק, בעת ביז איצט איז ער געווען נור פון 4 ביז 10 מארק. פאר פרישע דרום־פרוכטען וועט מען דארפען צאהלען 12 מארק אנשטאט די איצטיגע 4 מארק.

שטארק געשטיגען וועלען זיין די אבצאהלונגען אויף האלץ: פון הארטען רונדהאלץ 20 פעניג פון דאפעלצענטנער, 1,2 מארק פון מעטער, פון ווייכען רונדהאלץ 50 פעניג פון דאפעלצענטנער, 3 מארק פון מעטער; פאר געזענטעס, ניט געהובעלטעס האלץ הארט 1,25 מארק פון דאפעלצענטנער, 10 מארק פון מעטער, ווייך 1,25 מארק פון דאפעלצענטנער און 7,50 מארק פון מעטער.

דער אבצאהל אויף פערד וועט אבהייננען פון זייער פרייז ביז 300, 1000, 2500 מארק און העכער און וועט בעטרעפען 150,75,50 און 0 3 מארק פון שטיק. ביז איצט האט מען געצאהלט פאר איטליכעס פערד 20 מארק און פאר פערד ביז צו צוויי יאהר אלט נור 10 מארק. פאר רינדפיה און קיה וועט מען דארפען צאהלען 25 מארק פון קאפ (ביז איצט 9 מארק), פאר יונגעס פיה צו 15 מארק (ביז איצט 5), פא־ קעלבער 4 (ביז איצט 3). פאר אקסען וועט מען דארפען צאהלען פון געוויכט: 12 מארק פון יעדען דאפעל־צענטנער (ביז איצט 25½ מארק פון שטיק). פאר חזרים 10 מארק פון יעדען דאפעל־צענטנער (ביז איצט 5 מארק פון שטיק). פאר פארטיגעס פלייש וועט מען דארפען צאהלען 30 מארק פון דאפעל־צענטנער אנשטאט די איצטיגע 15 מארק.

פאר פוטער וועט מען דארפען צאהלען 30 מארק (ביז איצט 16), פאר קעז 30 (ביז איצט 20), פאר אייער — 6 מארק (ביז איצט 2).

פאר גענז וועט זיין דער אבצאהל 70 פעניג פון שטיק, ביז איצט זענען זיי געווען גאר פריי פון אבצאהל.

ווייטער איז געהעכערט דער אבצאהל אויף וויין אין פעסער (פאר פלאשענוויין בלייבט דערזעלבער אבצאהל ווי פריהער), אויף ביער, אויף לעדער, אויף גלאז און אויף וואל.

העכערענדיג די אבצאהלונגען אויף די לאנדווירטשאפטליכע פראדוקטען, וואס ווערען געבראכט פון אויסלאנד, וויל אבער צוגלייך דייטשלאנד זיך ניט אבזאגען פון די האנדעלסקאנטראקטען מיט אנדערע מלוכות. צו דעם צוועק, ווי מיר האבען געזאגט, זענען אויך אויפגעשטעלט געווארען מינימאל־טאריפען. צו דעמזעלבען צוועק איז אויך אין פראיעקט דא א פונקט, וועלכער גיט דער רעגירונג דאס רעכט צו פערהעכערן די אבצאהלונג ביז צו דעם ווערט פון די סחורות אין פאל פון א צאל־קריעג צווישען דייטשלאנד מיט אנדערע מלוכות.

י. ל.

---

# יודישער דלות אין אדעס.

(איינדריקע און בעאבאכטונגען).

III.

בעלי־מלאכות האבען מיר פערשריבען 1775 (שניידערס 452, שוסטערס 524, נייטערינען 249 און פערשידענע האנד־ווערקער ווי סטאלערס, בלעכערס, טלעסארעס, 570) *) זיי אלע פערדינען זעהר שלעכט, אפט זיצען זיי גאר אהן ארבייט און פיהרען זעהר א גענענ־טעם לעבען. א טאג־פערדינסט איז ביי זיי לערך 50—60 קאפ׳ און אויף אזעלכע קליין־געלד דארף מען אויסהאלטען א גאנצע געזינט. פאר די דירה אליין מוז מען צאהלען 20—25 קאפ׳ א טאג און דאס איבריגע בלייבט שוין אויף עסען, בעלייכטונג, בעקליידונג און אנדערע נייטהיגע הצטרכות. עס מאכען זיך נאך דערצו זעהר אפט ביטערע טעג, אז ס׳איז קיין ארבייט גאר ניטא, אדער אז ס׳טרעפט זיך חלילה א אומגליק (א קראנקהייט, למשל), דאן ווייזט זיך ארוים דער דלות אין גאנצען — אהן הונגער און קעלט קען מען שוין דאן ניט אויס־קומען. דער פערדינסט איז תמיד אזוי געמיין, אז מען קען פון איהם קיין מאל נישט אבשפארען אויף א צרה א וואסערע עס איז. און אז די צרה קומט, איז ניטא קיין כח און קיין מיטלען זי אריבערצוטראג־גען — „און עס פלאצט די לעצטע סטרונע״...

יודישע בעלי־מלאכות אין אדעס איז פארהאן זעהר פיעל, גע־ווים מעהר ווי 12—13 טויזענד. פראפעסאר סובבאטין שאצט אין זיין ווערק: „אין יודישען תחום״ די צאהל פון יודישע בעלי מלאכות אין אדעס אין 1887 יאהר אויף 4435. ד״ר סאלאווייציק שרייבט („Un Prolétariat méconnu“), אז אין 1897 יאהר איז אין אדעס געוועזען שוין 7000 בעלי־מלאכות. און דאס מיינט מען נור בעלי־מלאכות פערשריבענע אין צעך. וויפיעל אבער זענען דא ניט פערשריבענע? און וויפיעל זענען דא האנדווערקער, וואס האבען גאר קיין דיפלאמען ניט און קענען זיך גאר ניט פערשרייבען אין צעך? כדי פערצייכענט צו ווערען אין צעך, מוז מען יעהרליך צאהלען דארט, און ניט אלע זענען אים שטאנד טראגען אויף זיך א איבריגע הוצאה. כמעט די אלע בעלי־מלאכות, וואס זיצען אויף דער מאלדאוואנקע, זענען נישט פערשריבען אין צעך. פיעל פון זיי זענען געווארען בעלי־מלאכות פון נויט און קענען גאר ווענינ די מלאכה.**) זיי זענען לא־טעצניקעס, נעהען דאס רוב טאנדעט, פאר׳ן מארק און פערדינען זעהר ווינציג. קיין קונדשאפט האבען זיי נישט, פון פריוואט־מענשען און ארבייטען ספעציעל פאר די קרעמליך פון מארק אדער פאר די הענדלער מיט אלטע בגדים; זיי לאטענען און בעסערען אויס די אויפגעקויפטע שמאטעס כדי ווידער צו לאזען זיי אין מסחר. א גע־וויסער טהייל פון די בעלי־מלאכות (דער הויפט שניידער און שוסטער) ארבייטען פאר די גרויסע מאגאזינען פון פארטיגע קליידער און שוך־ווארג. די קאטעגאריע ארבייט־לייט ווייסען שוין גוט זייער פאך, אבער צוליעב דער שרעקליכער קאנקורענץ, וועלכע עס איז צווישען די בעלי־מלאכות און צוליעב די גרויסע מאגאזינען, וועלכע נעהמען אב אלע קונדען, מוזען זיי ארבייטען פאר די מאגאזינען, האטש דאס געצאהלט איז זעהר קליין.

---

*) די ציפער האט בעארבעט איינער פון אונזערע קאנטראליארען ה׳ בראדאווסקי און האט זיי פובליצירט אין „אדעסקי נאוואסטי״ פון 7 פעברואר 1901.

**) אויף קאסטעצקע האב איך פערשריעבען א אריכען שניידער, א קראנקען, וועלכער איז א מאל געווען א פריקאשטשיק און האט געהאט א גוטע שטעלע. ער האט געענדיגט אין חערסאן די שטאדט־שולע.

דאָס רוב פֿון די פֿערשריבענע בעלי־מלאכות האָבען נישט קיין שילדען און וואָהנען נישט צום גאַס. קיין קונדען האָבען זיי נישט און רעכענען גאָר נישט זיי צו האָבען. זייערע „אָבנעהמער“, פֿאַר וועלכע זיי אַרבייטען געפֿינען זיי אַזוי אויך. — פֿיעל פֿון זיי האָבען נישט קיין מאַשינען און איבריגע ווערקצייג. ביי פֿיעל שניידער האָב איך געזעהן אַלטע פֿערראָסטע, צובראָכענע נעה־מאַשינען, פֿון אַלטמאָדישען סיסטעם, וואָס זיי האָבען געקויפֿט פֿאַר 5—10 רובל אויפֿ'ן מאַרק. נעהמען אַ מאַשין אויף אויסצוצאָהלען איז נישט יעדער אום שטאַנד. מען מוז פֿאָרט צאָהלען 5 רובל אַ חדש, און וואו נעהמט מען זיי? פֿון 15—20 רובל אַ חדש, וואָס מען אַרבייט אוים מיט בלוט און מיט שוויים איז זעהר שווער אַראָבצונעהמען אַזאַ גרויסע סומע.

כמעט אַלע אַרבייטען אַליין, אָהן העלפֿער. די גאַנצע וואַרשטאַט בעשטעהט פֿון בעל־הבית אַליין. — דער אַרבייט־טאָג איז שרעקליך לאַנג. זיי אַרבייטען 16—18 שעה אין טאָג, פֿון גאַנץ פֿריה ביז שפּעט ביי נאַכט, נאָר די כחות מיט'ן געזונד אוועקגעבענדיג אויף די פֿינסטערע פֿערשאָלטענע אַרבייט. רוה האָבען זיי נור דאַן, ווען ס'איז קיין אַרבייט נישט דאָ. אָבער רוה אַליין אָהן ברויט איז נאָך ערגער ווי ברויט אָהן רוה. און אַזוי געהט אַוועק זייער גאַנצער לעבען, כסדר האָרעוועניג, שטעהענדיג ביי'ן וואַרשטאַט, אָהן שום מנוחה, אָהן שום נחת... אויף דער סטעפּאַוואיע האָב איך געטראָפֿען אַ שוסטער וועלכער נעהט פֿאַר אַ מאַגאַזין און אַרבייט 17 שעה אין מעת־לעת. אין סעזאָן־צייט, פֿאַר אַ יום־טוב, אַרבייט ער ביז 20 שעה. אין אַזאַ לאַנגען אַרבייט־טאָג קען ער אויסמאַכען $1^1/_2$ פּאָר באָטינקעס און בעקומט דערפֿאַר $1^1/_2$ רובל. געוועהנטליך אָבער פֿערדיענט ער מעהר נישט אַ רובל אַ טאָג פֿאַר 17 שעה אַרבייט... ס'איז שרעקליך געוועזען אַ קוק צו טהון אויף דעם שוסטער. אַזוי אויסגעמאַטערט, אויסגעדאַרט, טויט־בלאַס איז ער געוועזען. ער וואָהנט מיט דער געזינט אין איין קליין־צימער, אין וועלכען ס'איז נאָך דאַן געלעגען די פֿרוי זיינע קראַנק. דער פֿענסטער געהט אַרויס אין אַ קאָרידאָר און ביי אַזאַ בעלויכטונג און ביי אַזאַ לעבען אַרבייט ער פֿון 5 אין דער פֿריה ביז 10 ביי נאַכט.

אַזעלכע פֿעלע האָט מען הונדערט בעמערקט אויף מאָלדאַוואַנקע. מען אַרבייט ביז די לעצטע כחות, ביז דעם לעצטען טראָפּען בלוט און שוויים — און דאָס דער'עסט מען נישט זאַט. נאָך דעם נייעם דרך — „ביז'ן לעצטען שווייס“ — אַרבייטען נישט נור יודישע פּראָלעטאַריער אין די אָרימע קוואַרטאַלען פֿון לאָנדאָן, נאָר אויך אין אָדעס. פֿיעל אַרבייטען נאָך אין פֿינסטערע פּאָדוואַלען און שטרענגען זעהר אָן די אויגען. דערום האָט מען טאַקע פֿערשריבען צווישען די בעלי־מלאכות פֿיעל בלינדע און ליידענדע אויף אויגען־קראַנקהייטען.

אויף קאַסטעצקע אין אַ קעלער־שטוב האָב איך געטראָפֿען אַ שניידער אַ אַלטען־מאַן פֿון אַ יאָהר 85, אַ בלינדליכען, אַ קריינקליכען, וועלכער אַרבייט נאָך מיט'ן נאָדעל אַ גאַנצען טאָג. „פֿון 10־יאָהר אַלט — האָט מיר דער אַלטער אומעטיג און זיפֿצענדיג געזאָגט — אַרבייט איך שניידעריי. דעם גאַנצען לעבען אָבגעהאָרעוועט, נאָר אין דער יוגענד האָב איך בעסערע יאָהרען געהאַט, איך האָב אפילו אויך דאַן געלעבט שווער, אין דחקות, אָבער געאַרבייט אין אַ ליכטיגען צימער ביי אַ ליכטיגען פֿענסטער, נישט ווי איצט אין אַ פֿינסטער'ן קעלער, אָהן שום ליכט“...

די איינציגע נוטע, נחת'דיגע ע'אינערונג פֿון אַ 85־יעהריגען לעבען — איז די עטליכע יאָהר אַרבייט ביי אַ ליכטיגען פֿענסטער! ס'איז לייכט פֿאָרצושטעלען זיך, וואָס פֿאַר אַ ביטערעס, חושכ'דיגעס לעבען דאָס איז געווען, אַז אין זכרון איז געבליבען אויף אייביג דאָס ביסיל „ליכט“, וואָס מען האָט אַ מאָל, נאָר אַ מאָל געהאַט...

בעלי־מלאכות זענען דאָ זעהר פֿיעל, ווי ס'איז בעוואוסט, אין אַלע יודישע שטעדט, און אומעטום זענען אַרבייטער דאָ מעהר לויט דער אַרבייט, וועלכע עס ווערט געפֿאָדערט, אין אָדעס אָבער איז פֿאַראַן יודישע האַנדווערקער פֿיעל מעהר ווי אין אַנדערע שטעדט. אָדעס, ווי מיר האָבען שוין פֿריהער געשריבען, איז אין די לעצטע יאָהרען געוואָרען אַ מיטעלפּונקט, וואוהין עס קומען פֿון פֿערשידענע יודישע שטעדט און שטעדטליך טויזענדער יודישע אַרבייט־לייט זוכען פּרנסה און גליק. צוליעב דעם גרויסען צוזאַמענפֿאָהר פֿון די בעלי־מלאכות איז בעשאַפֿען געוואָרען ביי זיי אַ שרעקליכע קאָנקורענץ — אַ אֵימה'דיגע מלחמה פֿאַר'ן לעבען, און ס'איז זעלטען צו זעהן אַ יודישען בעל־מלאכה אפילו אין די רייכע גאַסען, וועלכער לעבט גוט, בכבוד. מיר רעדען שוין ניט וועגען די האַנדווערקער אויף מאָלדאַוואַנקע אָדער פּערעסיפּ, וועלכע זענען נאָר אַ בעזונדער קאַטעגאָריע אַרבייטער, ווי מיר האָבען פֿריהער געזעהן. אויך די, וואָס זיצען אין מיטען שטאָדט, פֿערדינען אין די לעצטע יאָהרען זעהר שלעכט און לעבען קאַרג, בצמצום. זעהר פֿיעל היזק און אַ גרויסע קאָנקורענץ ליידען זיי פֿון די גרויסע מאַגאַזינען, וואָס האַנדלען מיט פֿאַרטיגע קליידער. די מאַגאַזינען פֿערקויפֿען זייערע אַרטיקלען זעהר וואָלוועל. אַרבייטענדיג מיט מאַשינען, אין גרויסע פּאַרטיען, צאָהלענדיג ביליג פֿאַר נעדונגענע אַרבייט, קענען זיי צושטעלען זייערע „פֿאַרטיגע“ זאַכען פֿיעל ביליגער ווי בעלי־מלאכות. און דערמיט נעהמען זיי אָב נאָר די קונדען ביי די האַנדווערקער. צו וואָס זאָל דער קונד געהן צום שניידער אָדער שוסטער, אַז דעמזעלבען בגד אָדער שטיוועל, נאָך שענער און מאָדערנער געמאַכט, קען ער קויפֿען גלייך און וועלוועלער אין מאַגאַזין? אי טרחה וועניגער, אי אַ מציאה געהאַנדעלט. פֿיעל פֿון די בעלי־מלאכות געהען אַרבייטען פֿאַר די מאַגאַזינען, אַרבייטען 16—18 שעה אין מעת־לעת (יעדער אַרבייט ביי זיך אין דערהיים, און ס'איז קיין השגחה נישט דאָ פֿון דעם אינספּעקטאָר) און קוים קוים פֿערדינען זיי אויף חיונה. פֿאַר אַזעלכע מאַגאַזינען, וועלכע זענען דאָ 8—10 אין אָדעס, ווי מיר איז בעוואוסט, אַרבייטען ביז 4000 בעלי־מלאכות. די מאַגאַזין־אַרבייט איז סאָרטירט און ספּעציאַליזירט און מאַכט פֿון די אַרבייטער מאַשינען, וועלכע ווייסען נור זייער „זאַך“, זייער טהייל אַרבייט און וועלכע פֿערלירען מיט דער צייט די פֿעהיגקייט צו זיין זעלבסטשטענדיגע בעלי־מלאכות. פּידזשאַקען, למשל, אַרבייט איינער, הויזען אַ צווייטער, זשילעטען אַ דריטער, רעק אַ פֿיערטער, פּאַלטאָען אַ פֿינפֿטער און ז. וו. די אַרבייט־געצאָהלט איז שרעקליך קליין. פֿאַר פֿאַרטיגע בגדים, וועלכע מען נעהט אין גרויסע פּאַרטיען, צאָהלען די מאַגאַזינען פֿאָלגענדע פּרייזען:

פֿאַר אַ פּידזשאַק־גענעה 70 קאָפּ.
„ „ הויזען־ „ 45 „ (צוראַטען דעם שניידערס)
„ „ זשילעט־ „ $22^1/_2$ „
„ „ זומער־פּאַלטאַ 90 „
„ „ ווינטער פּאַלטאַ אויף וואַטע 2 רובל.

פֿאַר בעשטעלטע אַרבייט פֿאַר קונדען ביי די מאַגאַזינען און וואָס די מאַגאַזינען גיבען איבער די שניידער צאָהלט מען:

| | | |
|---|---|---|
| פאַר אַ פידזשאַק | 3 רובל | *) |
| „ „ זשילעט | 75 ק. — | |
| „ הויזען | 1 רובל | |
| „ אַ ווינטער־פּאַלטאָ | 4 „ | |
| „ „ זומער־פּאַלטאָ | 2 „ | |

פון די שרעקליך קליינע פּרייזען נעהמען נאָך אַראָב בעוואוסטע „פּראָצענטען" די פּריקאַשטשיקעס פון די מאַגאַזינען, אַז נישט גיט מען נישט קיין אַרבייט. און אַזעלכע אומגליקליכע אַרבייטער, מענשען־מאַשינען זענען דאָ אין אָדעס עטליכע טויזענד, און אַרבייטענדיג טאָג און נאַכט, מיט גאָר די כחות פערדינט מען קוים צו דערהאַלטען די נשמה. די מאַגאַזינען ווערען וואָס ווייטער רייכער און שטאַרקער און די בעלי־מלאכות אָרימער און שוואַכער...

(פאָרטזעטצונג קומט) מענדל לעווין.

---

# צווישען אונז גערעדט.

## אמעריקאַנישע ליידיגגעהער.

עס איז הייס, די היטץ ברענט, 22 גראַד היטץ אין שאָטען און 30 גראַד, וואו די זון בראָט. דער שוויים קאַפּעט ווי פון די דעכער נאָך אַ גרויסען רעגען און מען מוז אַרבייטען און אַרבייטען, שרייבען און שרייבען, יעדע וואָך מוז פּינקטליך אַרויס אַ נומער „יוד", די גראַדען מעגען זיך אפילו אויפהויבען העכער פון 30.

אַלע, וואָס דאַרפען אַרבייטען אין אַזוינע ברענענדינע טעג, זענען שטאַרק מקנא די וואָס וואָהנען אויף די דאַטשעס — אין די זומער־וואָהנונגען, וואו עס איז דאָ אַ סך שאָטען, פיעל גרינס און ריינערע לופט, נאָר איך בין קיינעם ניט מקנא אויסער די ניו־יורקער יודישע ליטעראַטען און הערויסגעבער. אָט דאָס זענען גליקליכע מענשען אויף דער וועלט! אין דער צייט וואָס איך און מיינע קאָלעגען די מיטאַרבייטער פון „יוד" אַרבייטען, — געהען אַרום אין ניו־יורק די רעדאַקטאָרען פון יודישע צייטונגען און פערלעגער פון יודישע ביכער און קנאַקען ש׳אַנישנעק, קאַבאַקערליך אָדער ניסליך און קוקען ווי פייגעליך פליהען.

ליידיגע אַרומגעהן קענען זיך ניט ערלויבען אפילו אַזוינע מיליאָנערען ווי רויטשילד, היינט ווי זשע זאָל מען זיי ניט מקנא זיין.

אַ, ווי אַזוי געהען אַרויס אין ניו־יורק אַזוי פיעל יודישע צייטונגען און ביכער? אויף דערויף איז דאָך דאָס אַמעריקאַ, וואו עס געפינען זיך אַזוינע ערפינדער ווי עדיסאָן: האָט זיך דאָרט אין די לעצטע יאָהרען געפונען אַ יודישער ערפינדער, וואָס האָט געפונען אַ מיטעל ווי הערויסצוגעבען צייטונגען און ביכער און גאָר ניט דאַרפען טהון און קיין געלד זאָל אויך ניט קאָסטען, און אויף די ערפינדונג האָבען זיך באַלד געוואָרפען אַלע אַנדערע יודישע פערלעגער.

אין וואָס בעשטעהט די ערפינדונג? וועגען דעם דערצעהלען אונז עטליכע בריעף, וועלכע מיר האָבען בעקומען פון ניו־יורק.

„אונזערע ניו־יורקער צייטונגען וואַרטען יעדע וואָך, ביז עס קומט אָן „דער יוד" און דערנאָך דרוקען זיי איהם איבער פון אָנהויב ביז׳ן סוף — די לייטאַרטיקלען, ערצעהלונגען, פעליעטאָנען א. ד. ג. ניט דערמאַנענדיג קיין איינציגעס מאָל דעם „יוד" און ניט פרעגענדיג ביי די שרייבער, וואָס אַרבייטען אין „יוד"".

ווי ה' מ. זייפערט שרייבט אין „הדור" בעגעהען זיך אַזוי מיט פרעמדער אַרבייט אַלע יודישע צייטונגען אין אמעריקא, אויסער די צוויי צייטונגען: „אווענד בלאַט" און „פאָרווערטס", וועלכע שפּאָרען ניט קיין געלד פאַר אָריגינעלע אַרטיקלען. נאָר די איבריגע ווילען ניט צאָהלען פאַר קיין מאמרים, בעגנב׳נען זיי דעם „יוד" און אפילו די אַלטע יאָהרביכער „הויזפריינד", שלום עליכם׳ס און פּרץ׳ס „ביבליאָטהעקען". אויסער דעם געפינט זיך אַ גאַנצע באַנדע גנבים, וועלכע רופען זיך אָן „פערלעגער" ווי מאיר חינסקי, יוסף ליב ווערבלאָווסקע, יהודא קאַצענעלבויגען און נאָך אַנדערע, וועלכע האָבען אָבגעדרוקט אַלע ווערק אין זשאַרגאָן פון מענדעלע מוכר ספרים, ווי די „קליאַטשע", „פישקע דער קרומער", „דער פּריזיוו", „יודעל", דאָס „וואונש פינגעריל", „די אַלטע מעשה" און „אַ נאַכט אין צרות"; „סטעמפּוניו" פון שלום עליכם, „מעשה׳לעך" פון פּרץ, „דער יודישער מוזשיק" פון ספּעקטאָר און נאָך אַנדערע, ניט פרעגענדיג ביי קיין איינציגען וועגען ערלויבניש. אויסער דעם, וואָס זיי פערקויפען די ווערק אין אמעריקא, האָבען זיי צוויי אַגענטען אין רוסלאַנד — מרדכי קאַצענעלבויגען אין ווילנא און י. לורסקי אין ווארשא, צו וועלכע מען שיקט צו אין טויזענדער עקזעמפּליאַרען די גנב׳ישע סחורות. „די צוויי הויפּטאַגענטען פון אַמעריקאַנישע ביכער", ווי זיי טיטולירען זיך אין די מודעות, פערקויפען די גנב׳ישע ביכער אין דיזעלבע שטעדט, וואו עס וואָהנען מענדעלי מוכר ספרים און אַנדערע וועלכע מען האָט זיי אַזוי אונמענשליך בעגנב׳ט.

מענדעלי מוכר ספרים האָט אָוועקגעגעבען זיינע ווערק זיין גאַנץ לעבען און דאַרטען בענעהט מען זיך מיט פרעמדער אַרבייט ווי מיט איינענס.

דאָס עזות פון דער באַנדע גנבים איז אַזוי געוואָרען גרויס, אַז איינינע פון די פריהער דערמאַנטע שרייבער האָבען זיך געקלאָגט פאַר איינעם פון די אַמעריקאַנישע קאָנסולען אין רוסלאַנד וועלכער האָט זיי איין עצה געגעבען ווי צו בעוואָרענען די פערפאַסער פון אַזוינע פערברעכער אויף ווייטער און ווי צו בעשטראָפען דערפאַר, וואָס זיי האָבען שוין אָבגעטהון, און איצט איז צו האָפען אַז די אַמעריקאַנישע „פערלעגער" וועלען שוין גיט וואַגען מיט אַזאַ עזות זיך צו בענעהן מיט פרעמדער אַרבייט.

## הילף.

איך וואַש זיך אָב די הענד און געה איבער פון די אמעריקאַנישע יודישע פערלעגער צו די מאָסקווער קריסטליכע פערלעגער פון דעם זאמעלבוך „הילף פאַר די הונגעריגע יודען". איך האָב נור וואָס בעקומען דאָס זעלטענע בוך. די קריטיק און די אָבשאַצונג פון דעם גרויסען ווערט פון דעם בוך, לאָז איך איבער פאַר דעם קריטיקער פון „יוד". איך וויל נור, צווישען אונז גערעדט, זאָגען אַז דאָס בוך איז אַזוי שען און דער אינהאַלט איז אַזוי רייך, אַז די 3 רובל 50 קאָפּ. איז זעהר ביליג פאַר אַזאַ ווערק, אויסער דעם גוטען צוועק פון דעם געלד, וואָס עס געהט פאַר אונזערע הונגעריגע, אומגליקליכע ברידער.

דאָס זעלטענע בוך האָבען גוטהערציגע קריסטען און קריסטליכע בעריהמטע שריפטשטעלער, געלעהרטע און קינסטלער געשענקט פאַר די אומגליקליכע יודען, וואָס זענען קראַנק געוואָרען פון די דריי הונגעריאָהר אין דרום־רוסלאַנד, און קוקענדיג אויף דאָס בוך און בעקאַנענדיג זיך מיט דעם אינהאַלט, זעהט מען ווי זיי האָבען עס געגעבען מיט דעם גאַנצען האַרצען.

---

*) דער פּרייז פון פּריוואַטע בעשטעלונגען ביי אַ שניידער איז 9—10 רובל פאַר אַ קאָסטיום. קומט אויס, אַז כמעט אַ העלפט פערדינסט נעהמט אוועק דער מאַגאַזין...

די צוזאַמענשטעלער פֿון דעם זאַמעלבוך זאָגען אין זייער הקדמה, אז זיי וואָלטען זיך געשעצט פֿאַר גליקליך, ווען דער פֿערקויף פֿון דעם זאַמעלבוך וועט געלונגען, אום צו קענען פֿערגרינגערען די ביטערע לאַגע פֿון די קראַנקע און הונגעריגע. דאָס, וואָס די אַלע בע־ריהמטע אייראָפּעאישע שריפֿטשטעלער, געלעהרטע און קינסטלער האָבען זיך אזוי געטריי אָנגערופֿען מיטצואַרבייטען אין דעם זאַמעלבוך, גיט אַ גייסטיגע טרייסט אַלעמען, וואָס פֿערטראַכטען זיך אויף דעם מזל פֿון ישראל. זיי גלויבען אז די „הילף" (דאָס זאַמעלבוך), אין וועלכער עס האָבען אַנטהייל גענומען כמעט נור קריסטען, וועט ניט זיין דער לעצטער בעווייז פֿון אונפּאַרטייאישער ליעבע צום פֿערהאַ־לעוועטען און פֿערזאָרגטען יודען.

צום סוף קענען מיר זיך ניט אָבזאָגען דאָ צו ברייננען אונזערע עזער דעם בריעף, וואָס אַ בעריהמטער שריפֿטשטעלער און גרויסער מענשענפֿריינד שרייבט צו די הערויסגעבער פֿון דעם זאַמעלבוך, וואו עס איז געדרוקט זיין אַרטיקעל וועגען יודען.

„איך האָב מורא, אז צו שפּעט בין איך מקיים, וואָס איך האָב אייך צוגעזאָגט. איך האָב שוין געשריבען מיין הערויסגעבער, ער זאָל אייך צושיקען מיין זאַמעלבוך, וואו עס געפֿינען זיך עטליכע זייטען, וואָס איך האָב געשריבען וועגען יודען. איך בין גליקליך זיי אָוועקצוגעבען פֿאַר אייער בוך.

דאָס בוך, וואָס מען ניט הערוים צו העלפֿען די יודען פֿון דרום רוסלאַנד, וועלכע האָבען אַזוי שטאַרק געליטען פֿון הונגער, איז דער שענסטער און ריהרענדער בעווייז פֿון מענשליכער אחדות און פֿון אַ גרויסער גוטער זאַך, און איך בין אייך דאַנקבאַר דערפֿאַר, וואָס איהר האָט מיך אין דעם אַריינגענומען. מען דאַרף אַז פֿון אַלע עקען וועלט זאָל מען אויסשטרעקען ברידערליכע הענד. אויב מיר ווילען פֿער־קלענערן די זאָרג פֿון מענשען. נור דאַן וועט קומען שלום אויף דער וועלט".

די ווערטער שרייבט זאָלאַ.

אין איך ווענד מיך צו אונזערע ברידער, אַז זיי זאָלען די הונגעריגע יודען אין דרום־רוסלאַנד אויך „אויסשטרעקען ברידערליכע הענד" ווי די צוזאַמענשטעלער זאָגען אין זייער הקדמה, „אום צו פֿערגרינגערן די ביטערע לאַגע פֿון די קראַנקע און הונגעריגע". זאָלען אונזערע קריסטליכע פֿריינד זעהן, אַז ביי אונז איז אויך דאָ אחדות, אַז מיר יודען קענען מיטפֿיהלען יענעמ'ס זאָרג, אַז מיר קענען ווייזען ליעבע צו אונזער געפֿאַלענעם ברודער.

מ. חיות.

## מען שרייבט אונז.

וואַרשא. דיענסטאג דעם 10־טען יולי האָט מען אויף די וואַר־שאווער הויפּטגאַסען געזעהן ניט קיין געוועהנליכע יודישע לְוָיָה מיט גרויס כָבוֹד און פּאַראַד; די לויה איז געוועזען פֿון אַ יודישען סאָלדאַט ישראל דאַטשקאָווסקי, וואָס האָט געדיענט אלס באָמבאַרדיר אין אַרטילעריע פֿון דער 22־טער באַטאַריע. דעם 6־טען יולי אויף אַ סמאַטער אין רעמבערטאָוו (נעבען ווארשא) איז ער מיט נאָך אַ סאָלדאַט ניקאָלאַי רובאָוו אומגערען פֿערוואונדעט געוואָרען פֿון אַ באָמבע. באַלד זענען זיי אין חלשות געבליבען, רובאָווען האָט עס געטראָפֿען אין באַק און דאַטשקאָווסקען אין פֿיעל ערטער אין בויך. ווי מען האָט זיי דער־מינטערט, האָט מען זיי אַרומגעוואַשען די וואונדען און פֿערבונדען און דער־נאָך האָט מען זיי צוזאַמען מיט אַ דאָקטאָר און פֿעלדשערם אָוועקגעפֿיהרט קיין ווארשא אין אויעזדאָווסקע מיליטער־האָספּיטאַל. אויף דעם צווייטען טאָג איז ישראל דאַטשקאָווסקי געשטאָרבען.

10 אַ זייגער פֿריה, האָבען די אָפֿיצירען און די אונטער־אָפֿיצירען פֿון דער 22־טער באַטאַריע אויף די הענד אַרויסגעטראָגען דעם אָרון מיט דעם מֵת און איהם אַנידערגעשטעלט אויף אַ וואָגען פֿון האַרמאַט, געשפּאַנט מיט זעקס פֿערד. דאָס איז דער גרעסטער כָּבוֹד, וואָס ווערט נור אָבגע־געבען אָפֿיצירען פֿון דער אַרטילעריע. די לויה האָט אָנגעהויבען צו געהן אין דיזע אָרדענונג: נאָך דעם לאַפֿעט—דער וואָגען פֿון יודישען בֵּית־עָלְמִין, פֿון ביידע זייטען לאַפֿעט — צוויי אָפֿיצירען, נאָך דעם וואָגען אַלע אָפֿיצי־רען מיט זייער קאָמאַנדיר, די מיליטער מוזיק און פֿיעל סאָלדאַטען פֿון דער באַטאַריע. אזוי איז די לויה געגאַנגען פֿון די אויעזדאָווסקי אַליעעס איבער די גאַסען נאָוואָ־סוועט, קראַקאָווסקי פּרעדמעסטיע, טעאַטראַלנע פּלאַץ, בעליאַנסקע, נאַליעווקים און גענשיא ביז צום בית־עלמין; אויף די נאַליעווּ־קים האָט די לויה זיך פֿערגרעסערט פֿון אַ גרויסען עוֹלם יודען.

ביי דעם בית־עלמין האָט זיך דאָס מיליטער אויסגעשטעלט אין שוּרוֹת ווייז, די מוזיק האָט געשפּילט אַ טרויערמאַרש און דעם מת האָט מען אַריינגעטראָגען אין טָהֳרָה־שטוּב.

אין דער צייט, ווען מען האָט דעם מת מְטַהֵר געוועזען, איז דער קאָמאַנדיר מיט די אָפֿיצירען אַריינגעגאַנגען אין דער דאָרטיגער שוּל, וועל־כע איז געוועזען בעדעקט מיט שוואַרצען טוך און וואו עס זענען געווען אָנגעצונדען פֿיעל ליכט. דער חַזָן מיט די מְשׁוֹרְרִים האָבען געזונגען דאָס קאַפּיטעל „מִכְתָּם לְדָוִד" און נאָך אייניגע קאַפּיטליך תְּהִלִים. ווען מען האָט דעם מת אַרויסגעטראָגען פֿון טהרה־שטוב, איז שוין אַ טהייל סאָלדאַטען מיט אַלע אָפֿיצירען דאָרט געשטאַנען, דער חזן מיט די משוררים האָבען געזאָגט „אֵל מָלֵא רַחֲמִים" און מען האָט דעם מת אַוועקגעטראָגען צום קֶבֶר בעגלייט פֿון דעם קאָמאַנדיר מיט אַלע אָפֿיצירען. דאָרט האָט דער חזן ווידער געזונגען „אל מלא רחמים" און מען האָט קַדִיש געזאָגט.

אויף דעם פֿערשאַטענעם קבר האָט מען אַנידערגעלעגט צוויי גרוי־סע בלומענקרענץ.

דער ערשטער קראַנץ מיט שוואַרצע זיידענע לענטעס האָט געהאַט די אויפֿשריפֿט מיט גילדערנע אוֹתִיוֹת: „אונזער טייערען חָבֵר, וואָס איז פֿער־לאָרען געגאַנגען אין דיענסט ביים ערפֿילען פֿון זיין פֿליכט. פֿון קאָמאַנדיר, אָפֿיצירען און אונטער־אָפֿיצירען פֿון 22־טער אַרטילערקער־באַטאַריע."

דער צווייטער קְראַנץ מיט ווייסע זיידענע לענטעס און שוואַרצע אותיות איז געווען: „פֿון די סאָלדאַטען פֿון דער 22־טער אַרטילעריעקער־באַטאַריע—דעם טייערען חבר".

ווען דער קאָמאַנדיר מיט די אָפֿיצירען זענען אַרויסגעגאַנגען פֿון בית־עלמין, האָט ער זיך געווענדעט צום מיליטער מיט אַ פּאָר וואַרימע ווער־טער לכבוד דעם מת, וואָס האָט אָרענטליך געדיענט און זיין פֿליכט ער־פֿילט.

פֿאַר דעם אַוועקגעהן האָט די מוזיק ווידער געשפּיעלט אַ טרויער־מאַרש.

זעקס טעג נאָך דער קְבוּרָה בין איך געוועזען אויף דעם קבר פֿון דעם יודישען סאָלדאַט, וועלכען זיינע חברים פֿון דיענסט האָבען איהם אזוי פֿיעל כּבוֹד אָנגעטהון ביי זייער געזעגענען זיך אויף אייביג מיט איהם.

איך האָב געזעהן אַ בערגיל ערד, אויף וועלכען איך האָב געפֿונען פֿיער קרענץ (פֿון וועמען עס זענען נאָך די צוויי קרענץ האָב איך זיך ניט געקענט דערפֿרעגען), אויסער דעם איז דער קבר פֿערשאָטען מיט אַ סך בינטליך לעבעדיגע בלומען, וועלכע הויבען שוין אויך אָן אָבצוּשטאַרבען...

„ישראל דאַטשקאָווסקי" האָב איך עטליכע מאָל אין דעם שטילקייט פֿון בית עלמין דערמאָנט זיין נאָמען, ווער ביזט דו, וואָס דו האָסט מיט דיין בּיסיל אָרענטליכע יאָהרען אויף דער וועלט אזוי פֿיעל כּבוֹד פֿער־דיענט. נאָר קיינער האָט מיר קיין ענטפֿער נעגעבען, ווער ער איז און פֿון וואַנען ער איז? שטיל האָט ער געלעבט, שטיל איז איצטער אויף זיין קבר. פֿאַרביינעהער וויסען אַפֿילו ניט וועמענס קבר דאָס איז, נאָר בעמערקענדיג די קרענץ און בלומען שטעלט זיך איינער אַמאָל אָב, ער זוכט האַטש זיין נאָמען און געפֿינט ניט, ווייל ביי זיין קבר, צו מיין גרויס פֿערוואונדערונג, איז אַפֿילו קיין שטיקיל ברעטיל מיט זיין נאָמען ניט דאָ. אַ בערגיל ערד און ווייטער גאָר ניט.

א.

# די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** — ווי מען שרייבט דעם „דזשואיש קראָניקל" האָט די וויענער אספה פון די ציוניסטישע אנפיהרער עוסק געווען נור מיט זאכען, וועלכע קעהרען זיך אָן דער קאָלאָניאַל באַנק. אויף דער אספה זענען געווען אַלע באַנק-דירעקטאָרען און מיטגליעדער פון אויפזיכטסראַטה. די אסיפות האָבען געדויערט אייניגע טעג און עס איז בעקלערט געוואָרען, מיט וואָס פאַר געשעפטען די יודישע באַנק זאָל זיך פערנעהמען. דער טערמין פון 5-טען קאָנגרעס איז נאָך נישט בעשטימט, נאָר וואהרשיינליך וועט ער געהאַלטען ווערען אין לאָנדאָן ענדע אָקטאָבער.

•

**רוסלאַנד.** — האלבפעסער. דער „וואַרש' דניעווניק" איז מודיע וועגען דעם ענין פון פערוועהרען יודען אריבערצוגעהען די גרעניין מיט האַלבפעסער, אַז אויף אנפראגע פון לובלינער גובערנאַטאָר האָט דער פּאָליציי דעפּאַרטעמענט איינגעזעהען, אַז לויט די געזעצען וועגען די פּאַספּאָרט מעגען אויסלענדישע יודען אריינפאָהרען קיין רוסלאַנד נור מיט פּעסער, וועלכע זענען געוויזירט ביי דעם רוסישען קאָנזול, אַז אויב מען וועט צולאָזען אויסלענדישע יודען קיין רוסלאַנד מיט האַלבפּעסער וועלען זיי זעהר לייכט קענען בלייבען אַ לאַנגע צייט אָרער גאָר שטענדיג אין רוסלאַנד און אַז דער פונקט, וועלכער ערלויבט אויסלענדער אריינצופאהרען אויף האַלבפּעסער איז נישט שייך צו יודען, האָט ער דערום אָבגעזאָגט די ביטע פון עסטרייכישע יודען, אַז מען זאָל זיי ערלויבען אריינפאָהרען קיין רוסלאַנד אויף האַלבפּעסער. די דאָזיגע אנווייזונגען פון פּאָליציי דעפּאַרטאַמענט, וועלכע זענען נוגע עסטרייכישע און רוסישע יודען, וועלכע וואָהנען נעבען דער עסטרייכישער גרעניץ, זענען איבערגעגעבען געוואָרען דעם וואַרשויער גענעראַלגובערנאַטאָר צו ערפילען.

איצט האָט דאָס מיניעטעריום פאַר אויסלאַנד מודיע געווען דעם מיניםטעריום פון אינגערען, אַז די עסטרייכישע געזאַנדטשאַפט האָט געמאַכט איין שאלה וועגען דעם נייעם איסור. — דאָס פינאַנצמיניסטעריום ווידער האָט מודיע געווען אַז דאָס פערוועהרען יודען אריבערצופאָהרען די גרעניץ מיט האַלבפעסער וועט דריקען דעם רוסישען האַנדעל, אַז דער איסור איז אויסערדעם אין ווידערשפרוך מיט די בעשליסע פון דעם רוסיש-דייטשען האַנדעלסקאָנטראַקט פון $^{9}/_{2}$ 1897 און קען ברייננען דערצו, אַז די דייטשע רעגירונג זאָל אויך פערנעהמען מאסרעגעלען צו שטערען דעם רוסישען האַנדעל.

צוליעב די דאָזיגע בעמערקונגען פון דעם פינאַנץ מיניסטעריום און מיניםטעריום פאַר אויסלאַנד האָט דאָס מיניסטעריום פון אינגערן אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז איינמאָל איז דער איסור נישט קיין נייער נאָר אַ בעשטעטיגונג פון איין אַלטען געזעץ, אַז דער איסור איז גאָר נישט נוגע צו דעם רוסיש-דייטשען האַנדעלס-קאָנטראַקט פון 1897 יאהר, ווייל עס איז אין איהם נייט בעזונדער אויסגערעדט, אַז יודען האָבען אויך דאָס רעכט אריבערצופאָהרען די גרעניץ אויף האַלבפעסער, — און אזא זאַך האָט געדאַרפט ווערען בפירוש אויסגערעדט, ווייל עס איז ידוע, אַז אומעטום אין אַלע לענדער, וואו עס וואָהנען יודען, האָט מען געגען זיי פאָרגענומען בעזונדערע געזעצען, אַז דאָס פערוועהרען יודען אריבערצוגעהען די גרעניץ אויף האַלבפעסער קאָן נישט דריקען דעם האַנדעל, ווייל דער האַנדעל איז נישט דוקא אין די 12 וויארסט נעבען דער גרעניץ און נור אין יודישע הענד; צוליעב דעם אַלעם האָט זיך דאָס מיניסטעריום פון אינגערען געווענדט מיט אַ ביטע צום וואַרשויער גענעראַלגובערנאַטאָר, אַז ער זאָל געבען די פאָלגענדע ידיעות: אויב עס האָט אַמאָל עקזעסטירט איין איסור, אַז יודען זאָלען דורכגעהען די גרעניין אויף האַלפעסער און אויב עס איז ניצליך צו שטיצען דעם האַנדעל פון יודען נעבען דער גרעניץ דורך דער ערלויבניש אריבערציגעהען די גרעניץ אויף האַלבפעסער. דער גענעראַלגובערנאַטאָר האָט פון זיין זייט זיך געווענדט מיט אנפראַגען צו די גובערנאַטאָרען.

— די ווילנער האַנדעלסשולע. דער ווילנער קאָרעספּאָנדעט פון „וואסחאד" בעשרייבט די אספה פון $^{5}/_{7}$ פון דער קאָמיסיאָן, וועלכע איז געזעצט געוואָרען אין ווילנא צו סטאַרען זיך וועגען עפנונג פון אַ האַנדעלסשולע. נאָך פאַר 2 יאָהרען האָבען די ווילנער סוחרים בעשלאָסען צו גרינדען איין האַנדעלסשולע אין ווילנא און גענומען אויף זיך צו צאָהלען אויף אויסהאַלטונג פון דער שולע. עס זענען דאַן אויסגעארבעט געוואָרען די תקנות, לויט וועלכע די העלפט וואַקאַנסען (פּלעצער) זאָלען פערנעהמען יודען, און אַ בזונדערע קאָמיסיאָן האָט זיך געדאַרפט פערנעהמען מיט דער דורכפיהרונג פון די תקנות. עס זענען אוועק 2 יאָהר און די זאַך האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. די תקנות האָבען נישט געקאָנט ווערען אָנגענומען אין דער פאָרם ווי זיי זענען געווען, דאַן האָבען אייניגע מיטגליעדער פון דער קאָמיסיאָן אָהן דער הסכמה פון זייער חברה איבערגעבען איינעם ה' מירקאוויץ אויסצוארבייטען נייע תקנות. די נייע תקנות האָבען שוין געהאַט גאָר איין אַנדער פנים און דער § וועגען יודען איז געוואָרען אזוי געענדערט: אַז פּראַוואָסלאַוונע האָבען אַ דין קדימה צו פערנעהמען די העלפט וואַקאַנסען; וועגען די זכיות פון יודען אָבער איז נישט געוואָרען דערמאָהנט קיין וואָרט. דער נייער פּראָיעקט פון די תקנות איז געוואָרען אינטערשריבען און שתדלנים זענען אוועקגעפאָהרען קיין פּעטערבורג צו סטאַרען זיך וועגען דער בעשטעטיגונג. דאָרט איז דער נייער פּראָיעקט ווידער נישט געוואָרען אָנגענומען און די שתדלנים האָבען געמוזט איבער'ן טאָג צוזאַמענשטעלען די תקנות צום דריטען מאָל און פאָרלעגען איהם צום בעשטעטיגען, און דאַן ערשט זענען די תקנות ענדליך אָנגענומען געוואָרען.

לויט ווי עס איז אָבגערעדט געוואָרען האָט די קאָמיסיאָן, אין פאַל אויב עס ווערט געמאַכט אַ גרינדליכע ענדערונג אין די תקנות, געדאַרפט צוזאַמענרופען די ווילנער סוחרים אויף איין נייער אספה און זיי פרעגען, אויב זיי זענען מסכים צו גרינדען די שולע לויט דעם געענדערטען פונקט פון די תקנות. די אספה איז טאַקע צוזאַמענגערופען געוואָרען, נאָר דער פּרעזעס גענעראַל שאַרסקי האָט געהאַלטען פאַר איבריג פאָרצולעגען אַזאַ שאלה. ער האָט נור פאָרגעלייענט די תקנות און פערלאַנגט, אַז מען זאָל אויסקלויבען משגיחים. דאָ האָבען זיך אריינגעמישט אייניגע סוחרים און געזאָגט, אַז זיי ווילען נישט גרינדען אַזאַ שולע, פון וועלכער די שטאָדט זאָל קיין נוצען נישט האָבען. ה' ג. האָט געזאָגט אַז דער § 11 פון די תקנות, לויט וועלכען שילער יודען טאָרען נישט זיין מעהר ווי קריסטען קאָן נישט ווערען אָנגענומען. יודען סוחרים אין ווילנא זענען 89% פון דער געזאַמט צאהל אָדער אויף 100 סוחרים קומען אויס 89 יודען און 11 קריסטען, דערצו האָבען קריסטען גענוג שולען, וואוהין אוועקצוגעבען זייערע קינדער אויסער דער האַנדעלשולע. אויף דעם אופן וועט אויסקומען, אַז אויב עס וועלען זיין ווייניג קריסטליכע שילער, וועט מען נישט קענען אריינגעהמען אין האַנדעלסשולע מעהרער יודען, חאָטש עס וועלען זיין פרייע פּלעצער. ער לעגט דערום פאָר, אַז מען זאָל אָננעהמען די תקנות מיט דעם בעדינג, אַז די קאָמיסיאָן זאָל זיך גלייכצייטיג סטאַרען וועגען ענדערונג פון § 11 אויף דעם אופן: אַז יודישע שילער זאָלען ווערען צוגענומען 50% פון דער אַלגעמיינער צאהל פּלעצער". ה' ראַם האָט געזאָגט זיין מיינונג, אַז אָננעהמען די תקנות און גלייכצייטיג סטאַרען זיך וועגען ענדערונג האָט נישט קיין זין, ווייל תקנות זענען איין אָרט געזעץ, וועלכעס בלייבט אויף שטענדיג. דאָס אָננעהמען ווידער פון די תקנות אָהן אַ שום בעדינג וועט ברענגען דערצו, אַז יעדער יוד, וועלכער וועט וועלען אריינגעבען זיין קינד אין שולע, וועט איהם מוזען שאַפען איין חבר אַ קריסט, ווייל אָהן איהם וועט ער נישט קענען ווערען אריינגענומען. ער לעגט דערום פאָר, אַז מען זאָל נישט אָננעהמען די תקנות און נור סטאַרען זיך וועגען ענדערונג פון § 11. אייניגע מיטגליעדער דאָגעגען האָבען געזאָגט, אַז מען זאָל יאָ אָננעהמען די תקנות, ווייל עס וועלען נישט פעהלען אין ווילנא קיין קריסטליכע שילער און ווידער איז אַלעס איינס, אויב עס שטעהט, אַז יודען נעהמט מען אריין 50% פון אַלע שילער אָדער 50% פון אַלע וואַקאַנסען". די פערזאַמלונג האָט לסוף פערלאַנגט, אַז מען זאָל אָבשטימען די שאלה, אויב מען זאָל אָננעהמען די תקנות צי ניין.

דער פּרעזעס ה' שאַרסקי האָט געזאָגט, אַז די אספה איז געוואָרען צוזאַמענגערופען, כדי אויסצוהערען דעם דין וחשבון פון דער קאָמיסיאָן, אָבער נישט צו מאַכען בעשליסע, אַז אַלע דאַרפען דאַנקבאַר זיין די שתדלנים, אונטער וועלכע ער אַליין איז געווען, פאַר זייער מיה אויסצופיהרען די זאַך א. ז. וו. נאָך דער רעדע איז געוואָרען אַ לאַרם און אַ גערידער, די זיצונג איז געוואָרען געשלאָסען און נאָכהער ווידער געעפענט. לסוף האָבען אייניגע גענומען שרייבען אַ צעטעל פון די קאַנדידאַטען אויף משגיחים, נאָר דער רוב האָט נישט גענומען קיין אנטהייל אין דער ארבייט, און דערמיט האָט זיך די זיצונג געענדיגט.

— דער „פרידניעפ' קראַי" איז מודיע אַז דעם 3-טען יולי אויף דער עפענונג פון די פעדאַגאָגישע קורסען פאַר יודישע לעהרער אין יעקאַטערינאסלאַוו זענען געווען דער גובערנאַטאָר קעלער, דער פיהרער פון די קורסען דירעקטאָר פון די פאָלקסשולען סאַלאַוויאָוו און פיעל אַנדערע אנגעזעהענע פּערזאָנען, נאָך אַ קורצער תפלה האָט דער ראַבינער דר. לעווין געהאַלטען אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט אָנגעוויזען אויף די ראָלע, וואָס דער יודישער לעהרער האָט געשפּיעלט אַמאָל און וועט שפּיעלען אויך היינט אין דער ערציעהונג פון קינדער. דער גובערנאַטאָר פ. קעלער האָט צוגעוואונשען די לעהרער אַז עס זאָל זיי געראָטהען צו פערברייטען די בילדונג צווישען זייערע ברידער און צו האָבען דעם מצב פון דער יודישער שולע, זי זאָל גלייכשטעהען מיט דער אַלגעמיינער רוסישער פאָלקסשולע. ער האָט אויך אָנגעוויזען די לעהרער אויף די נייטהיגקייט צו זאָרגען גלייך פאַר די קערפּערליכע און גייסטיגע ערציהונג פון זייערע שילער.

עס האָבען זיך פערשריבען דערווייל 41 פּערזאָן — 7 לעהרערינס און 34 לעהרערס. די חברה צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען אין פּעטערסבורג האָט געגעבען אויף אויסהאַלטונג פון די קורסען 1500 ר' און געשיקט איהרען אַ דעלעגאַט אויף די עפענונג.

•

**דייטשלאַנד.** — דער קאָניצער משפט נעהמט קיין ענדע נישט. פון דעם גרויסען משפט קומען אַלע מאָל ארויס קליינע משפטים'ליך. דעם $^{12}/_{7}$ איז אָבגעמשפט געוואָרען איינער שיללער אויף $^{1}/_{2}$ יאָהר געפענגניש דערפאַר, ווייל ער האָט פאַלש עדות געזאָגט לטובה פון מאָריץ לעווי, וועלכער איז איינער פון די בעשולדיגטע אין מאָרד און זיצט אויך אין תפיסה. פיעל צייטונגען זאָגען זייער מיינונג, אַז דער פסק איז נישט אַ ריכטיגער און שיללער איז גלייך אונשולדיג ווי מאָריץ לעווי. דערווייל ציהט זיך דער משפט אָהן אַ סוף און די אַנטיסעמיטען ציהען דערפון נוצען פאַר זייערע צוועקען.

---

# די ערוואכונג.

פון

דוד פינסקי.

(ענדע).

ערשט שפּעטער, ווען זי איז אויפגעשטאַנען דערלאַנגען דאָס עסען, האָט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען אויף איהר ליידיגען שטוהל און געהאַלטען זיי דאָרטען, ביז זי איז אריינגעקומען.

ער איז געזעסען די גאַנצע צייט פון עסען ווי אַ פערהלום׳טער. דער וויין פון די כּוסות האָט איהם נישט אויפגעמונטערט, דאָס עסען האָט איהם נישט דערוואָרעמט. און עס האָט איהם גערייצט, וואָס די אַנדערע קוקען אויף איהם מיט זייערע פרעגעדיגע אונרוהיגע בליקען און ער פלעגט ווערען בייז און איז נישט ארויס פון דער פערלעגענהייט. די עלטערן און דער אַלטער הירשע האָבען גערעדט, אונטערהאַלטען זיך, אָבער ער האָט געשוויגען און נישט צוגעהערט זיך. און אונרוהיגער זענען געוואָרען דער מאַמעס בליקען.

„וואָס איז עס געוואָרען מיט דיר מיט אַמאָל?“ האָט די גוטע געפרעגט. „דו ביזט דאָך געוועזען גאָר עפּיס אַזוי... און איצט ביזט דו עפּיס אַזוי...“

אָבער לייבקע האָט אַנגערוקט די שטערן און בייז געענטפערט:

„וואָס נעפּינסט דו וואָס אַזוי?“

און הינדע, אַוועקטראָגענדיג די טעלער אין קיך, האָט דאָרטען אויפגעהויבען די הענד אין דער הויך און נאָכדעם מיט פייער צוזאַמענגעקרויצט זיי אויף דער ברוסט און געדריקט זיך שטאַרק דאָס קלאַפּענדיגע האַרץ און מיט געוואַלט איינגעהאַלטען אַ פריידענס־אויסגעשריי. עס האָט זיך איהר געוואָלט אויסשרייען: „דו ליעבער, ליעבער, ליעבער, ליעבער! אָבער זי האָט אריינגעלעגט דעם צימעס אין די טעלער און שטיל געשעפּציעט, פול ענטציקען: „דו ליעבינקער, לייבקעלע, לייבעטשקע, לייבינקע!“—

מען האָט אָבגעגעסען און אָבגעבענשט און ווידער גענומען זיך צו דער הַגָדָה. מען האָט אַנגעגאָסען די פיערטע כּוסות און אֵלִיָהוּ הַנָבִיאים כּוס, און הינדע איז אַרויס אויפצועפענען די טיהר פאַר אליהו הנביא׳ן, וועלכער געהט יעצט איבער די יודישע הייזער, אום אַנצונעהמען דעם יודישען פראָטעסט געגען די פעלקער, וועלכע ווייסען נישט פון זייער גאָט. און דאַן איז זי געקומען צוריק און געבליעבען שטעהן אין טיהר צווישען זאַל און עס־צימער, אָבצוואַרטען ביז מען וועט אָבזאָגען „שְׁפוֹךְ חֲמָתְךָ“. זי איז געשטאַנען מיט איין האַנד אויף דער טיהר און דער אַנדער האַנד אין קעשענע פון ווייסען פאַרטוך. דאָס מויל פונאַנדערגעעפענט אונטער אַ גליקזעליגען שמייכעל, הינטער וועלכען עס האָבען אַרויסגעלאַכט איהרע ווייסע צייהנדליך, און די אויגען האָבען געקוקט פאַר זיך טיעפער, ערנסטער, צְנִיעוּת׳דיגער, ווייל אליהו הנביא איז יעצט אין שטוב און ער זעהט איהר גרויס גליק.

לייבקע האָט אויפגעהויבען אויף איהר זיין בליק. ער האָט געוואָלט זעהן, וואָס איז זי שטעהן געבליעבען. און זיי האָבען זיך אָנגעטראָפען מיט זייערע בליקען. אַ הייליגער ציטער האָט זיך צוגאָסען איבער לייבקע׳ס קערפער. ער האָט געהאַט דאָס געפיהל, ווי הינטער איהר אין דער האַלב־דונקעלהייט פון דעם עס־צימער, וואָס איז געוועזען בעלויכטען פון אַ שטעהענדיגער לאָמפּ, איז אליהו הנביא געשטאַנען, בעדעקט זי מיט זיין שאָטען, ארויסגעקוקט פון איהרע אויגען. און אַז זי איז אַריינגעקומען שפּעטער, צומאַכענדיג צוריק די גאַסען־טיהר, איז אליהו הנביא נאָך אַל׳ן געוועזען מיט איהר און ארויסגעלויכטען פון איהרע טיעפע אויגען. אין דעם מאָמענט האָט ער דערפיהלט, אַז ער וועט איהר מעהר קיינמאָל נישט זאָגען קיין גראָב וואָרט. און עס איז איהם געוואָרען דערפון אַזוי ווייך און אַזוי וואַרים ביים האַרצען. און ער האָט זיך פלוצלינג ווידער דערפיהלט אַזוי אויפגעלעבט, און עס איז איהם געוואָרען אַזוי ליכטיג, און דער קאָפּ האָט ווידער בעקומען געדאַנקען.

און דאַן האָט ער געזאָגט אַ דְרוּשׁ אויף דאָס פיערטע קאַפּיטעל פון הַלֵל, אויף „ה׳ זְכָרָנוּ“. גאָט געדענקט אונז און בענשט אונז; ער בענשט בֵּית יִשְׂרָאֵל... ער בענשט די גרויסע און די קליינע. גאָט זאָל אייך געבען וואָס מעהר, אייך און אייערע קינדער. געבענשט זענט איהר ביי גאָט, דעם בעשאַפער פון הימעל און ערד. דער הימעל איז פאַר גאָט, די ערד פאַר מענשעס־קינדער. נישט די טוידטע לויבען גאָט, און נישט די, וואָס געהען אַראָב אין קֶבֶר.“ ער האָט גערעדט מיט היטץ, מיט אַ ליעבענדער וואַרימקייט. זיין נְשָׁמָה איז יעצט געוועזען גוט צו דער גאַנצער וועלט, און ער האָט געבענשט אַלע מענשען. ער, וועלכער האָט נאָך נישט געלעבט, האָט געלערנט ווי צו לעבען. די נאָך נישט־געבאָרענע נשמה האָט ענטדעקט סודות פון לעבען. דער הימעל איז פאַר גאָט, די ערד אָבער פאַר די מענשענס־קינדער. נישט טוידט דאַרף מען זיין אויף דער ערד, טוידטע לויבען נישט גאָט. נאָר לעבען מוז מען, די ערד איז געגעבען געוואָרען פאַר דאָס לעבען. און לעבען הייסט ליעבען, ליעבען גאָט, ליעבען די מענשען, ליעבען די גאַנצע וועלט. און דאַן געדיינקט אונז גאָט און דאַן בענשט ער אונז.

ער האָט גערעדט לאַנג, ער האָט גערעדט וואַרים. זיין נשמה איז געוועזען אָנגעפילט מיט׳ן ליכט פון גַן־עֵדֶן, ער האָט איבערגעלעבט די מְתִיקוּת פון דער הייליגער ליעבע. זיין געזיכט האָט געשיינט, זיינע אויגען האָבען הימליש געלויכטען. זיינע צוהערער האָבען געזעהען די שְׁכִינָה אויף איהם. זיי האָבען איהם צום ערשטען מאָל פערשטאַנען, און גליק און פרייד און הייליגקייט האָבען אָנגעפילט די שטוב.

אַז ער האָט געענדיגט, איז די מאַמע אַרויפגעפאַלען איהם אויפ׳ן האַלז מיט איהרע מוטערליכסטע קושען, און דער טאַטע האָט מיט ענטציקונג אין די אויגען צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ צום אַלטען: וואָס זאָגט איהר, הייסט עס, אַלטינקער, וואָס מיין זוהן קאָן? און דער אַלטער האָט געפונען נור איין אויסגעשריי פאַר הִתְפַּעֲלוּת:

„אַ גָדוֹל בְּיִשְׂרָאֵל!“

און הינדע איז אַנטלאָפען אין קיך און דאָרטען האָט זי געוויינט טרעהרען פון ליעבע, טרעהרען פון טיעפער ביינקענים.

די ווייבער זענען נאָך געווען בעשעפטיגט אין קיך מיט׳ן אָבוואַשען, און די מאַנסבילן האָבען ווייטער געזאָגט. אָבער דער אַלטער הירשע האָט שוין געחאַפּט אַ דרעמיל, און דער טאַטע איז אויך געווען מיד און געהייסען מאַכען דאָס בעט. נור איין לייבקע איז געוועזען מונטער און אויפגעלעבט. ער האָט געזאָגט פרעהליך מיט אַ וואַרימען ניגון און געפיהלט זיך אַזוי גליקליך. די ליכט אין די קאַנדעליאַברעס זענען שוין אויסגעגאַנגען, אָבער לייבקע האָט עס נישט בעמערקט. איהם איז געווען אַזוי גוט, אַזוי מְהַיְהדיג. זיין נשמה האָט אַרומגענומען די גאַנצע וועלט, וואו הינדע׳ס קיך איז געווען דער מיטעלפונקט. און ער האָט געזאָגט, אונטערזינגענדיג, וואַרימער, פרעהליכער, גליקליכער.

הינדע איז אַריינגעקומען אויסבעטען דעם אַלטען הירשען אויף צוזאַמענגעשטעלטע שטוהלען און לייבקע׳ן אויף זיין געוועהנליכען אָרט, אויף דער סאָפאַ. די עלטערן זענען שוין געלעגען אין די בעטען דער

אַלטער איז געזעסען אויף דער סאָפאַ, פערוואָרפען דעם קאָפּ, מיט איין אָפענעם מויל, און געחראָפּעט. און לייבקע און הינדע האבען זיך געפיהלט אַליין אין צימער און איבערגעלעבט אַ ציטערן אין זייער אַלייך־זיין. הינדע האָט צוזאַמענגעשטעלט די שטוהלען און ניט אויפגעהויבען אויף איהם די אויגען. און ער האָט זיך געפיהלט שעמעוודיג און פערלעגען. עס האָט איהם געצויגען עפּיס צו זאָגען איהר, מאַכען מיט איהר אַ געשפּרעך, און ער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו רעדען. און ער האָט זיך געשעמט, מודה צו זיין זיך פאַר זיך אַליין, אַז ער וויל זי זאָל צוקעהרען צו איהם איהר געזיכט און אויפעפענען אויף איהם איהרע טיעפע הימעל־אויגען און ער זאָל געניסען פון איהר שענקייט.

„הינדע?“ האָט ער ענדליך געזאָגט, פערלעגען און רויט ווערענדיג, און אַראָבגעלאָזען די אויגען.

זי האָט אַ ציטער געטהון און איז באַלד אויך רויט געוואָרען.

„וואָס?“

אָבער זי האָט דעם קאָפּ ניט אויפגעהויבען און ניט אַ קוק געטהון אויף איהם. זיין פערלעגענהייט איז גרעסער געוואָרען.

„איז נאָך פאַראַן הייסע וואַסער?“

„ניין, איך האָב אין גאַנצען אויסגעגאָסען אויף די געפעס“.

און עס פערדריסט איהר, פאַר וואָס זי האָט אויסגעגאָסען דאָס גאַנצע הייסע וואַסער, אָבער דעם קאָפּ האָט זי אַלץ נישט אויפגעהויבען.

„איך וואָלט אַזוי געטרונקען אַ גלעזיל טהיי.“

„אַז איך וואָלט געוואוסט!“

זי האָט אויפגעהויבען אויף איהם איהרע אויגען מיט דעם ערנסטען אויסדרוק פון שטאַרקען פערדרוס, און ער האָט אַ וואָרף געטהון אויף איהר אַ בליק.

„ווייסט דו וואָס?“ האָט זי געזאָגט, „מען קאָן נאָך דערקאָזען אָנשטעלען דעם סאַמאָוואַר.“

„ניין, גאָר עפּיס.“

„דאָס וועט נישט קיין סך נעהמען.“

אָבער ער ענטפערט גערייצט, ער וויל אַפילו דערפון נישט הערען. און הינדע'ן גיט אַ שטאָך פון דעם טאָן. אָבער באַלד זאָגט ער שוין ווייכער, ווי איבערבעטענדיג זי, אַז ער וועט ענדיגען אין וועט זיך לייגען שלאָפען. און הינדע פיהלט דעם געביטענעם טאָן און עס קיצעלט איהר צום שמייכלען.

זי האָט פונאַנדערגעוועקט דעם אַלטען און אָנגעזאָגט איהם, אַז זי האָט איהם שוין „געמאַכט די שטוהלען“. לייבקע און דער אַלטער זענען אַראָב פון סאָפאַ, און זי האָט גענומען מאַכען דאָס געלעגער פאַר לייבקע'ן. זי האָט עס היינט געטהון מיט אַ בעזונדערן חשק, אָבער ער האָט זיך עפּיס ווי געשעמט.

דער אַלטער איז אויף אַ ווייַלע אַרויס. דאָס ציטערן אין זיי איז גרעסער געוואָרען. זי האָט וויעדער נישט אויפגעהויבען דעם קאָפּ פון איהר אַרבייט, און ער האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ אין די הגדה, און געזאָגט ווייטער, און מורא געהאַט צו זוכען וואָס צו רעדען מיט איהר. און דאָך האָבען זיי זיך ביידע אַזוי גוט געפיהלט, אַזוי נאָהענט איינס צום אַנדערן, אַזוי גליקליך. הינדע האָט געענדיגט איהר אַרבייט, אָבער זי האָט נישט געאיילט אַוועקצוגעהן. זי האָט נאָך אַמאָל אַ ציה געטהון דאָס לייליך, נאָך אַמאָל איבערגעלעגט די קישען, און ער האָט עס געפיהלט, און ביידען איז געוואָרען אַזוי שווער, אַזוי ישווער.

דער אַלטער איז אַריין, און זיי האָבען דערפיהלט אַ מין בעפרייאונג. הינדע האָט געזאָגט אַ גוטע נאַכט. און דאָן אין טיהר האָט זי זיך אומגעקעהרט מיט'ן געזיכט צו לייבקע'ן און נאָך אַמאָל געזאָגט: „אַ גוטע נאַכט, לייבקע!“ און ער האָט שעמעוודיג אויפגעהויבען די אויגען און געזאָגט, רויט ווערענדיג: „אַ גוטע נאַכט!“ און זי איז אַוועק שלאָפען אויף איהר קאַנאַפּע אין עס־צימער, מיט פערפלאַמטע באַקען, איין אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ און אַ קלאַפּענדיגען האַרץ, פול ליעבע, פול ציעהענים און בייַנקענים.

אויף לייבקע'ן איז אָנגעפאַלען אַ מידינקייט. ער האָט מעהר נישט געקאָנט זאָגען, די ווערטער האבען זיך געמישט פאַר זיינע אויגען, און ער האָט מעהר נישט געוואוסט, וואָס ער זאָגט. זיין נשמה האָט געלעכצט נאָך רוה. ער האט צוגעמאַכט די הגדה, אָבער ער איז נאָך נישט געגאַנגען שלאָפען. ער האט זיך אָנגעשפּאַרט אָן ווענטיל פון סאָפאַ. ער האט געוואָלט טראַכטען, פאַנטאַזירען. ער האט געוואלט גאָכגעהן נאָך דער ציעהענים ביי איהם אין האַרצען, ערקלערען זיך די ציעהענים. אָבער דער קאָפּ האט נישט געאַרבייט. ער האָט זיך דערמאַנט אויף זיין היינטיגען גלענצענדען איינפאַל ביים סיום, דערמאַנט זיך נאָך אויף איין איינפאַל אין די לעצטע טעג, דערמאַנט זיך אויף זיין פריהערדיגען דרוש, און דאָן איז הינדע פאַר איהם געשטאַנען אין איהר שענקייט און אין איהר ליכטיגקייט.

עס איז איהם געוואָרען ווי קאַלט, און ער האָט בעמערקט, אַז איהם איז מאָדנע טרוקען אין מויל און די ליפּען זענען אַזוי פערשמאַכט. ער איז אויפגעשטאַנען נאָך אַ גלאָז וואַסער. אָבער ער האָט דערפיהלט, אַז ער וועט יעצט דאַרפען דורכגעהען דאָס עס־צימער, און הינדע שלאָפט דאָרטען. און ווען ער פלעגט עס שטענדיג טהון און אַפילו נישט אַ טראַכט טהון וועגען דער שלאָפענדיגער אויף דער קאַנאַפּע און ניט אַ קוק טהון אין איהר זייט, האָט איהם יעצט אָבער דאָס האַרץ געקלאַפּט, און ער האָט געמוזט מיט זיך אַבמאַכען, ער זאָל ניט אַ קוק טהון אין איהר זייט.

אָבער הינדע איז נאָך ניט געשלאָפען. די לאָמפּ אין צימער האָט נאָך געברענט און אויסלעשען זי האָט זי ניט געטאָרט. אָבער גיט אַזוי דאָס אויסעגליכט, ווי די אינוועניגסטע גליקזעליגקייט און אויפגערעגטקייט האָבען זי נישט געלאָזען שלאָפען. איהר שען געזיכט איז געלעגען אויף דעם שניי ווייסען קישען, אויף וועלכען איהרע שוואַרצע האָר זענען געווען צוואָרפען און אין איהרע אויגען האָט אַ זעלטען שען פייעריל געברילאַנטעוועט.

די טיהר האָט זיך אויפגעעפענט און לייבקע האָט זיך בעוויעזען. זי האָט אויסגעשריען פאַר שרעק זיך איינוויקלענדיג אין די געדיכטע האָר, גאַנץ פערשעמט, גאַנץ אונגליקליך. און לייבקע'ן איז געוועזען, ווי ער וואָלט געזעהן אַ שענע זעהונג, אַ וואונדערבאַרע טרוים־פיגור.

ער האָט אויף גיך צוגעמאַכט די טיהר און איז צוריק פערשוואונדען צו זיך אין זאַל. אָבער הינדע איז געשטאַנען פאַר איהם מיט איהר גאַנצער שענקייט. ער האָט זי דורכגעלעבט אין אַלע זיינע גליעדער, און זיין בלוט האָט זיך שטאַרקער געיאָגט. ער האָט נישט געטראַכט מעהר וועגען טרינקען און מורא געהאַט דורכצוגעהן דאָס צימער.

„וואָס האָסט דו געוואָלט, לייבקע?“ האָט זיך געלאָזט הערען אין אַ ווייַלע אַרום הינדע'ס אויפגערעגטער, ציטערענדיגער קול.

אָבער ער האָט נישט געענטפערט. לאַנגזאַם האָט ער זיך אָנגעהויבען אויסטהון, לייענענדיג די קורצע קְרִיאַת־שְׁמַע. ער האָט עס גע־

טהון גאַנין מאשינעל. ער האָט נור געפיהלט, אַז עס איז איהם קאַלט, און די גרעסטע מידינקייט איז אויף איהם אַנגעפאַלען, ווי ער האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געשפירט און האָט זיך שנעל פערדוקט אונטער דער דיקער דעקע. ער האָט נישט געוואוסט און נישט געוואָלט וויסען, וואָס מיט איהם איז. ער האָט נור געזעהן פאַר זיך הינדע׳ן, די איינגעשונקטע הינדע אין דעם ים פון איהרע שוואַרצע האָר. ליעגענדיג מיט ווייט פונ־אַנדערגעעפענטע אויגען, קוקענדיג פאַר זיך אין דאָס גרויסע צימער אַריין און טרייסלענדיג זיך פאַר אינוועניגסטער קעלט, האָט ער זי געזעהן. און ווען ער האָט צוגעמאַכט די אויגען, איז דאָס צימער אָנגעפילט געוואָרען מיט ליכטינקייט, און די דאָזיגע ליכטינקייט האָט אַרויס־געשטראָמט פון הינדע׳ן, וועלכע איז געלעגען מיט פונאַנדערגעלאָזענע האָר. ער האָט אויפגעמאַכט די אויגען—די זעהונג איז פערשוואונדען.

ער האָט זיך אָנגעהויבען קעהרען פון איין זייט אויף די אַנדערע. ער האָט אויפגעמאַכט די אויגען און געקוקט אויף דאָס ווענטיל פון דער סאָפאָ. ער האָט געוואָלט אָנהויבען וועגען עפּיס אַנדערס צו טראַכ־טען. ער האָט אַרויסגערופען פאַר זיך דעם איינפאַל ביים סיום, געזוכט צו דערמאַנען זיך שווערע שטעלען אין דער גמרא, וואו מען האָט נאָך געדאַרפט עפּיס ענטדעקען. אָבער עס האָט איהם נאָך אַלץ געוואָ־פּען.

הינדע האָט געשוועבט איבער איהם, געוועזען אין איהם, פול שענקייט, פול ריינקייט און הייליגקייט.

און ער האָט נישט אויפגעהערט צו קעהרען זיך פון איין זייט אויף די אַנדערע. און אָפטמאָל האָט ער אַזוי שווער אָבגעקרעכצט, גאַנין פערדוקט און איינגעקאַרציעט אונטער דער שווערע דעקע.

אָבער ענדליך איז ער פערזונקען אין אַ ים פון ליכטינקייט. די ליכטינקייט האָט זיך צושפרייט איבער דאָס גאַנצע הויז און ווייט ווייט אַריבער דאָס הויז — און זי האָט דאָך אַרויסגעשטראָמט פון הינדע׳ן, וועלכע האָט געשיינט ווי די זון. דאַן איז ער איינגעשלאָפען.

אָבער זיין שלאָף איז געוועזען שווער, און דער קומענדינער טאָג איז געוועזען פאַר איהם נאָך שווערער. און עס האָבען זיך אָנגעהויבען פאַר איהם שווערע טעג און שווערע נעכט—נעכט און טעג פון האַרטען קאַמפּף, וועלכער האָט גאַנין איבערגעאַקערט זיין נשמה...





Verlag „Achiasaf“. Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Krakau.

## בריעפקאסטען דער אדמיניסטראציאן.

ה' דוד בעלאו — סק. — יעליסאוושט: מיר האבען אייך "פער־רעכענט", און פיר אייער וועלען "זיך סטארען צו פערברייטען דעם יוד" דאנקען מיר אייך זעהר.

נר. 5428 — מיטוי: 1) דער צווייטער באנד ווי איהר זעהט אוים די מודעות, דרוקט זיך יעצט. 2) אויב איהר ווילט די נרבות זאלען פער־עפענטליך ווערען אין "יוד" מוזט איהר דאס געלד אן אונז צושיקען; ואנסט קענט איהר שיקען דירעקט אן דער בעטרעפענדע שטאדט —

צו אונזער הערמאנאוקער אבאנענט — קארעספארענט — קריטי־קער: פיר אייערע עצות אין "עניני־דרקציא" וועט אייך מסתמא דער הערר רעדאקטער וועלבס בעדאנקען, און מיר האבען אייך נור צו בעמערקען א ווען איהר וואלט זיך נאר מטריח געוועען א קליינינקייט: צו פועל'ן ביי די איברינע עטליכע טויזענט אבאנענטען, וואס אויסער אייך, מכח דעם פרייז וואס איהר שטעלט, 8 ר"כ, וואלט איהר שאן דאן מיט אונז אויך קיין נרוים מיה ניכט געהאט וועגען די גוטע זאכען. וואס איהר רעכענט אוים — און דאס וואס איהר האט צו אונז פראטענזיעס וואס פון 1899 יאהר פעהלען אייך 2 אדער 3 נומערן" איז דאס שאן, ליעבער פריינד, גלאט געטשעפעט זיך.

# פערלאג „בילדונג"

גוט ארויס א סעריע פון 24 ביכער: נאטורוויסענשאפט־ליכע און בעלעטריסטישע.

### אבאנאמענטס־פרייז פיר אלע 24 ביכער 4 ר' מיט פארטא

דער פרייז קען איינגעצאהלט ווערען אין 4 ראטעס: ביי'ן אבא־ירען — 1 רובל, ביי'ן פיערטען ביכעל — 1 רובעל, ביי'ן 7־טען ביכעל רוב. ביי'ן צעהנטען ביכעל — דעם לעצטען פיערטען רובעל.

ניט פיר אבאנענטען וועט קאסטען יעדעס איינצענע ביכעל פון 25 ביז 30 קאפ. אהן פארטא.

אגענטען און בוכהענדלער בעקומען ראבאט.

עס איז פערטיג פון דרוק און ווערט צושיקט די אבאנענטען:

1) דער זיידע „צייט" אדער די ענטוויקלונג פון דער וועלט, פון דער ערד און פון אלץ וואס עס לעבט אויף דער ערד, נאך רובאקין.

עס דרוקען זיך און וועלען צושיקט ווערען די אבאנענטען, ווי עס וועט נור ארוים פון דרוק:

2) אברהם לינקאלן דער בעפרייער פון די שלקאווען. ביאגראפיע.
3) די פראנצויזען, זייער לעבען, זיטען, מנהגים א. ד. ג. נאך וואדאוואזאווא.
4) פיזישע געאגראפיע, נאך פראפעסאר נייקי.
5) א מעשה אהן איין עק, פון שלום־עליכם.
6) פאליטישע עקאנאמיע, נאך באגדאנאוו.
7) יום־כפור, און דראבקין (ערצעהלונגען) פון ד. פינסקי.
8) דייטשען, זייער לעבען, זיטען מנהגים, א. ד. ג. נאך וואדאוואזאווא.
9) א. רייזען ליעדער.

עס פערפערטיגט זיך צום דרוק און וועט ערשיינען ענדע זומער, א ליטעראַרישער פראספעקט „דאסווארט", וועלכער וועט זיין רייך אין פובליציס־טישע, וויסענשאפטליכע, קריטישע און בעלעטריסטישע ארטיקלען. —

צום פראספעקט ווערען נאך אנגענומען אנאנסען.

אנמערקונג. די לעצטע צייט וואקסט אלץ מעהר און מעהר די בע־דערפנישען אין פאלקס־ביבליאטהעק, דאס עפענען אבער די זעלבע פאדערט געוויסע געניטקייט, וואס ניט יעדער גרינדער בעזיצט עס, — אלזא נעהמט זיך אונטער דער פערלאג „בילדונג", וועלכער שטרעבט צו פערשפרייטען וויסענ־שאפט צווישען פאלק, אנצווייזען אלערליי מיטלען און עצות, וואס נור אנבע־טריפט צום גרינדען א ביבליאטעק, אויך ארויסצושיקען אלע ביכער, וועלכע עדע פאלקס־ביבליאטעק דארף האבען. אויף אנטווארט — א מארקע.

אדרעס:

Книгоиздательство „Билдунгъ", Бѣлостокъ.
Verlag „BILDUNG" Bialystok.



ספעציעלע פאבריק
פון דימאנטען
צו גלאסשניידען.
צו זעהר מעסיגע פרייזען.
Я. Шефтель,
ВАРШАВА
Налевки 9, кв. 17,

צוקערניע ש. שפינעלגלאז
ווארשא, נאלעווקי Nr. 10
(פארמאלס איגעלזאהן) וועלכע עקזיסטירט זייט 18 יאהר. פון דער צייט און זייט איך האב זי איבערגע־נומען אונטער מיינע אויפזיכט האב איך פיעל פערבעסערונגען איינגעאר־דענט. רייז, כשר, בילינ. בעשטעלונ־גען ווערען פינקטליך אויסגעפיהרט, היער און אויף דער פראווינץ. פיעלע דאנקען בריעפליך אויך מינדליך.
די צוקערניע בעזיצט 24 צייטונגען צום לעזען.

עס איז מיר נייטהיג איין טיכטיגער צושניידער וועלכער פערשטעהט וואָ־יענע און שטאאטסקע צושניידען און אויך ארבייטען זאל זיך ווענדען אן:

אברהם קאפעלמאן
ווערזבאלאווא.
А. КОПЕЛЬМАНЪ Вержболово
сувал. губ.

כירורגישע הינעקאלאגישע
פריוואט־קליניק
פון
ד"ר רייכשטיין און וואוועלבערג

אין ווארשא, לעשנא 31. די אנשטאלט געפינט זיך אין א גארטען. עס זענען דא שפעציעלע צימער פיר קימפעטארען (אהנע מעלדונג). פרייז פון 2 ביז 5 רו"כ. שטרענג כשר'ע קיך. אמבו־לאטאריום פון 10 ביז 12 אוהר.

פולווער Aragac (אראגאק).

אוים קאווקאזער געוויקסען, איין מיטעל צו פערטילגען פליגען, מאללען, קאראלוחעס, פליי און אנדערע ווערם.

פערקויף אין אלען אפאטהעק־מאגאזינען. פרייז 60 30 און 15 ק.

ווייל עס גיבט פילע געפעלשטע און נאכגעמאכטע, דאריבער זאל מען מערקען אויף דער עטיקעטע מיט איין בארג פון 2 שפיצען די אויפשריפטען: „די עטיקעטע איז בעשטעטיגט דורך דעם דעפארטאמענט פיר האנדעל און אינדוסטריע"

אויסשליסליכער פערקויף אויף פראווינץ פוילען אין דער אקציען־געזעל־שאפט פיר חעמישע און אפאטהעקער אויסארבייטונגען פון
העינריק וועלט, ווארשא, פרזעיאזד 5, אייגענעם הויז. טעלעפאן נו' 1059.

ניי ערעפענטעס
האטעל „РОССІЯ" ווארשא
נאוואליפקי נו' 8
עלעגאנטע צימער פון 60 קאפ. און טייערער. באדעצימער, טעלעפאן, כשר'ה קיכע, קאנדיטעריי.

מיין מאנופאקטור־דעטאיל־געשעפט פון פערשיעדענע מאסקווער א. לאדזער וואלענע און בוימוואלענע ווי אויך ווייסווארען האבע פון 8־טען יולי איבערטראגען אויף דער דזיקא שטראסע נו' 9 עקע פאוויא, און עמפעהלע מיין נע געעהרטע קונדשאפט איין רייכעס לאגער און צו ביליגסטען פרייזען.

האכאכטונגספאל זעליג קרעמער, דזיקא 9 עקע פאוויא

**ВНИМАНІЮ ЮВЕЛИРОВЪ!!!**

Англійскія пружинки для вырѣзки металловъ, напильники и надфайля разныхъ нумеровъ и сортовъ, по самымъ умѣреннымъ цѣнамъ. Высылаю наложеннымъ платежемъ. **Л. Бреславъ, Варшава, Дикая 7** у г. Рапопорта.

**ДЕШЕВАЯ ОБСТАНОВКА за 13 РУБЛЕЙ!!!**

| | | |
|---|---|---|
| 2 столика угловыхъ для цвѣтовъ | за | 3.50 |
| 6 обхватовъ металлическихъ | ,, | 3.— |
| Вѣшалка для полотенца | ,, | 1.50 |
| Пара консоликовъ для фигуръ | ,, | 1.50 |
| Металлическая вѣшалка для одежды | ,, | 1.20 |
| Этажерка для газетъ (Gazetenhalter) | ,, | 2.30 |
| | Итого | 13 р. |



Высылаю налож. плат. задаткомъ 6 руб.

Адресъ: **О. Л. Берковичу, Варшава**
Дикая улица 38.